פערלאַג „פראָגרעס", לאָנדאָן.

פראפעסאר א. דאדעל.



# משה רבינו

אָדער

# טשארלס דארווין?

אַ שוהל פראַגע: וואָס זאָל מען לעהרנען,
תורת משה אָדער נאַטורוויסענשאַפט?

---

איבערזעצט פון

דר. בראמבערג

---

ארויסגעגעבען פון

מ. זוסמאַן, 90 ניו רויד, ווייטשעפּעל, א.

לאנדאן, 1910

---

בריל'ס דרוקעריי, 8 טשאָרטש ליין ווייטשעפּעל, לאָנדאָן.

# פאָרוואָרט.

מיר דענקען, אַז מיר טהוען אויף אַ וויכטיגע און נוצליכע אַרבייט, דערמיט וואָס מיר איבערזעצען אין יודיש דאָס בעריהמטע ווערק „מאָזעס (משה) אָדער דאַרווין" פון פראָפעסאָר אַרנאָלד דאָדעל, וועלכעס בעריהרט איינע פון די וויכטיגסטע פראַגען אין דעם מאָדערנעם קולטור־לעבען פון דער מענשהייט. דאָס ווערק איז איבערזעצט געוואָרען כמעט אין אַלע אייראָפעאישע שפּראַכען און ס'האָט, אין אַלע ציוויליזירטע טהיילען פון דער וועלט, ארוים גערופען דעם גרעסטען אינטערעס.

ביי אַלע ציוויליזירטע פעלקער עקזיסטירט די ברענענדע ערציהונגס פראַגע: וואָס זאָל מען לעהרנען די קינדער אין דיא עלעמענטאַרע שוהלען, רעליגיאָן אָדער וויסענשאַפט? אין יעדער לאַנד איז פאַראַן אַ שטרעבונג און אין פיעלע לענדער זאָגאַר אַ מעכטיגע בעוועגונג, כדי דורכצופיהרען, דאָס מען זאָל די קינדער געבען בלויז אַ וועלטליכע בילדונג (סעקולאר עדוקיישאָן), מען זאָל מיט זיי לעהרנען גאָר וויסענשאַפט און ניט קיין רעליגיאָן.

ביי יודען האָט זיך נאָך גאָר ניט געשטעלט די פראַגע: וואָס זאָל מען לעהרנען אין די חדרים און תלמוד תורה'ס. עס דוכט זיך אויס, אַז ס'וועט בלייבען אַלס אַן'אייביגער כלל, דאָס אין די יודישע ערציהונגס אַנשטאַלטען דאַרף מען נאָר לעהרנען רעליגיאָן און ניט קיין וויסענשאַפט. פאַר דעם פריינעזאָנענעם יודען, וועלכער איז מיט דער רעליגיעזער ערציהונג ניט איינפערשטאַנען, איז דערפאַר אָפען אַ זעהר שעדליכע ברירה: ענטוועדער צו שיקען זיין קינד אין יודישען חדר, ס'זאָל דאָרט לעהרנען דאָס, וואָס איז ניט

אין אָנקלאַנג מיט זיין געוויסען, אָדער ער זאָל עס גאָר אין חדר נים שיקען, דאָס מיינט גאָר קיין יודיש נים לעהרנען, און דערמיט עס דערוויטערען פון זיין פאָלק. סאַי ווי ער וועט האַנדלען וועט זיין שלעכט.

די פראַגע, וואָס זאָל מען לעהרנען מיט די קינדער אין די חדרים און שוהלען וואָלט, שיינט מיר, צום נוצען פון יודישען פאָלק, בעדאַרפט ערהויבען ווערען מיט דער זעלבער שאַרפקייט און ענטשלאָסענהייט, ווי זי איז ערהויבען ביי אַנדערע אומות העולם. אַלע פרייגעזאָנענע יודען דאַרפען ווירקען, אַז מען זאָל אין די יודישע ערציהונגס אַנשטאַלטען נים לעהרנען גלייך אין אָנפאַנג תורת משה, זאָנדערן די וויסענשאַפט.

צו דיזען צוועק איז אַ איבערזעצונג פון פראָפעסאָר דאדעל׳ס ווערק „משה אָדער דאַרווין", אַ נויטווענדיגקייט. אין דעם ווערק ווערט געצייגט קלאָהר און דייטליך, מיט דער ענטשלאָסענהייט און עדעלקייט פון אַ געלעהרטען, אַז די בעשאַפונגס געשיכטע פון תורת משה איז פול מיט טעות׳ן; זי העלפט נים דערפאַר, אויסצוראָטען די נאַטירליכע אונוויסענהייט, מיט וועלכער יעדעס קינד ווערט געבוירען, זאָנדערן זי פערטיעפט נאָך דיזע אונוויסענהייט, זי ענטוויקעלט ביי זיי אַבערגלויבען און פאַלשע פאָרשטעלונגען וועגען דער וועלט און די מענשען.

צו לעהרנען מיט די קינדער וויסענשאַפט און נים תורת משה הייסט אָבער בכלל נים, דאָס מען זאָל די ביבעל אין גאַנצען נים לעהרנען. דאָס מיינט נים ארנאָלד דאדעל און דאָס מיינט קיין דענקענדער מענש נים. אפילו פאַר דעם פרייגעזאָנענעם מענשען, און איבערהויפט יודען, האָט די תורה אַ בעדייטונג אַלס אַ קלאַסיש ווערק פון גרויסען ליטעראַרישען און געשיכטליכען ווערטה, וועלכעס מען מעג און מען דאַרף לעזען און זאָגאַר שטודירען, אבער...

דער רמב״ם האָט נאָך אָנגעצייגט, אַז די מעשיות פון דער תורה וועגען דער בעשאַפונג פון דער וועלט דאַרפען נים פערטייטשט ווערען וואָרטליך, נאָר מען דאַרף זיי ערקלעהרען אַלס אַלעגאָריען, אַלס זינונגס בילדער, מחמת זיי ענטהאַלטען נים קיין ווירקליכע פאַקטען, זאָנדערן נאָר רמזים פון אַזעלכע פאַקטען אָבער כדי אַזוי

צו פֿערשטעהן די תורה מוז מען שוין פֿיעלעס וויסען, מוז מען שוין זיין פֿעהיג זעלבסטשטענדיג צו דענקען. אַ קינד ווייסט נאָר ניט אַחוץ דאָס וואָס מען לעהרענט עס און ס'גלויבט אַלעס וואָס מען זאָגט עס, אָהנע צו דענקען דעריבער. די תורה דאַרף דערפֿאַר גע־לעהרענט ווערען צו דערוואַקסענע מענשען און ניט צו קיין קינדער. די קינדער דאַרף מען לעהרנען וויסענשאַפֿט, דאָס זיי זאָלען וויסען דעם אמת און זיי זאָלען זיין פֿעהיג צו דענקען און פֿערשטעהן. זיי וועלען דאַן די תורה ניט פֿערגעטערען אַלס אַ הייליגע שריפֿט, זיי וועלען זי אָבער שעצען, און אַכטען אַלס אַ נאַציאָנאַלעס קולטור־ווערק.

איך וויל נאָך ערקלעהרען, אַז אין דער אָבהאַנדלונג, וואָס מיר זעצען דאָ איבער, ווערט נאָר בעהאַנדעלט די פֿראַגע: רעליגיאָן אָדער וויסענשאַפֿט? און עס ווערען אָנגעצייגט די טעותן פֿון דער רעליגיאָן, איבער די בעווייזע, אַז די וויסענשאַפֿט איז ריכטיג, האָט פּראָפֿעסאָר דארעל געשריבען אַ צווייטע אָבהאנדלונג, וועלכע וועט האָפֿענטליך מיט דער צייט אויך ערשיינען אין יודיש.

דער איבערזעצער.

# משה אדער דאַרווין?

איינע פֿון די וויכטיגסטע און בעדייטענדסטע ערשיינונגען אין אונזער פֿיעל בעוועגטער צייט, וואָס רופֿט אַרויס און וועט אַרויסרופֿען דאָס נאָכדענקען פֿון אַלע מענשען-פֿריינד, איז דער בעדייטענד-גרויסער, אינערליכער ווידערשפּרוך, וועלכער איז פֿאַראַן אין אונזער ערציהונג און שוהל סיסטעמע, אָט יענער אונפֿערמיידליכער געגענזאַץ אין דעם גייסטיגען לעבען פֿון דער קולטור מענשהייט, וועלכער דריקט זיך אַם בעסטען אויס אין דער פֿראַגע: „משה אָדער דאַרווין?"

עס איז דער ווידערשפּרוך און דער געגענזאַץ צווישען דער פֿאָלקס-ערציהונג און פֿאָלקס שוהלע אויף איין זייט און די וויסענשאַפֿט און איהרע שוהלען אויף דער צווייטער זייט.

דער געגענזאַץ איז אָהן אַ שום ספֿק פֿאַראַן, ער עקזיסטירט שוין זינט אַ לענגערע צייט און איז זינט איבער אַ האַלבען יאָהרהונדערט אַנערקענט פֿון אַלע בעדייטענדע אויטאָריטעטען אַלס אַ גרויסער און שעדליכער ווידערשפּרוך, ער איז אָבער נאָך ניט בעקעמפֿט געוואָרען מיט ערפֿאָלג.

ס'וויל גאָר קיין סוף ניט נעהמען צו דעם געגענזאַץ צווישען גלויבען און וויסען, פֿאַרקעהרט דער תהום צווישען זיי ווערט אַלץ טיעפֿער, דיא פֿערווירונג ווערט אַלץ גרעסער צום שאָדען פֿון דער מענשהייטס פֿאָרטשריט.

ס'איז דערפֿאַר די פֿפֿליכט פֿון יעדען דענקענדען מענשען זיך ערענסט צו בעשעפֿטיגען מיט דיזען געגענזאַץ, צו בעטראַכטען

דעם איבעל פֿון אַלע זייטען, קלאָהר בעוואוסט צו ווערען אויף דעם, אין וואָס ס'בעשטעהט זיין שעדליכקייט, און נאָכצודענקען איבער די מיטלען און וועגען, ווי איהם אָבצושאַפֿען, מחמת ער איז די געפֿעהרליכסטע קראַנקהייט פֿון אונזער צייט.

אויב מיר ווילען פֿערשטעהן דעם עצם און די בעדייטונג פֿון דיזען געגענזאַץ מוזען מיר זיך בעקענען מיט זיין געשיכטע. מיר מוזען זיך טיעף אַראָבלאָזען אין דער הייל פֿון דער פֿערגאַנגענהייט, כדי אויסצוזוכען דעם אורשפּרונג פֿון דעם ווירערשפּרוך.

צוויי גרינדליך פֿערשיעדענע וועלט אַנשויאונגען שטעהן היינט צו טאָג איינע נעגען די צווייטע אין אַלע ציוויליזירטע טהיילען פֿון דער גאַנצער בעוואוינטער ערד:

אויף איין זייט די מאָזאַאישע (פֿון משה'ן געגעבענע) אויפֿפֿאַסונג פֿון דער וועלט בעשאַפֿונג, וועלכע איז איבער דריי טויזענד יאָהר געלעהרענט געוואָרען פֿון יודישע און נאַכהער אויך פֿון קריסטליכע כלי קודש, און וועלכע איז אָנגעגעבען געוואָרען אַלס אַ געטליכע ענטפּלעקונג (התגלות אלהים).

און אויף דער צווייטער זייט די נאַטורוויסענשאַפֿטליכע לעהרע פֿון דער שטופֿענווייזער, לאַנגזאמער ענטוויקלונג פֿון די געגענשטענדע, די לעהרע וועלכע ערקלעהרט, אַז די ווייטערע ענטוויקלונג פֿון דער לעבעדיגער וועלט איז נאָר מעגליך דורך דער טהעטיגקייט פֿון די נאַטור קרעפֿטען. דיזע לעהרע האָט ערשט, דורך דאַרווין'ס ווערק, זיעגרייך איינגעדרונגען אין דער וועלט פֿון פֿאַרשונג, אַ הויפּט טייל איהרער איז די אָבשטאַמונגס לעהרע.

מיר פֿאַנגען אָן אונזערע בעטראַכטונגען מיט דעם „געטליכען מאַן" (איש אלהים). וועלכען קיינער קען ניט אָבלייקענען זיין וועלט-געשיכטליכע בעדייטונג.

# משה און זיין לעהרע.

מיט לערך 3500 יאָהר צוריק — אַזוי דערצעהלט די אָנגע־נומענע „וועלט געשיכטע" — האָט געשמאַכטעט דאָס סעמיטישע פאָלק, דיא יודען, אונטער דעם שקלאַפען־יאָך אין מצרים. טראָץ דער גרויסער אונטערדריקונג, וואָס דאָס אינטעליגענטע פאָלק האָט געליטען אונטער דער הייסער אַפריקאַנישער זונן, האָט זיך עס זעהר שנעל פערמעהרט. זיין נאַהרונג איז הפנים ניט געוועזן קיין שלעכטע, מחמת שפּעטער, נאָך דעם וואָס ס'איז אַרויסגעגאַנגען פון דעם נילוס לאַנד, האָט עס געבענקט נאָך די טעפּ פלייש פון מצרים; דורך דעם שרעקליכען הונגער האָט עס פערגעסען די גרויזאַמקייט פון דער שווערער שקלאַפען־אַרבייט. די שנעלע פערמעהרונג פון די אונטערדריקטע גרים איז ניט געוועזן קיין צופעליגע ערשיינונג, דאָס זעלבע האָט זיך איבערגע'חזר'ט, זינט יענער צייט, אין אלע יאָהרהונדערטע און כמעט ביי אַלע פעלקער: דאָס אַר־בייטענדע, געדריקטע, אין שקלאַפעריי־שמאַכטענדעס פאָלק איז אין דער רעגעל פרוכטבאַר. די אַלמעכטיגע נאַטור מאַכט דערמיט ווידער גוט, דאָס, וואָס די אויסגעלאַסענקייט, לייכטזיניגקייט און אוננאַטירליכקייט פון די העכערע קלאַסען פערדאַרבען.

אַזוי ווי די בני ישראל האָבען זיך אין מצרים וואָס ווייטער אַלץ שנעלער און שנעלער פערמעהרט, האָבען זיך די קעניגע פון דעם נילוס־לאַנד אָנגעפאַנגען שרעקען פאַר דער שטענדיגער פער־גרעסערונג אין צאָהל פון דיא אָרימע און פעראַכטעטע. די פרעות האָבען מורא געהאַט, דאָס אין פאַל פון אַ מלחמה מיט די אַרו־מיגע פעלקער, וועט אויפשטעהען געגען די מצרים, אויס זייערע אייגענע פערשקלאַפטע אַרבייטער־רייהען, אַ מיטהעלפער פון זייערע שונאים. איינער פון די פרעות האָט דערפאַר געגעבען אַ בעפעהל, דאָס מען זאָל אַלע נייגעבאָרענע יודישע זכרים אַריינוואַרפען אין וואַסער.

אַ יודישע מוטער, מיט דעם נאָמען יוכבד, איז זעהר שווער געוועזן אויסצופיהרען דעם קעניגליכען בעפעהל. זי האָט איהר לעצט־געבוירענעם זוהן פערבאָרגען דריי מאָנאַטען צייט, ביז זי האָט איהם ניט מעהר געקענט בעהאַלטען, דורך זיין קרעפטיג געוואָרענער שטימע, און ער איז געוועזן אין דער סכנה ענטדעקט צו ווערען. זי האָט דורך דעם אויסגעפלאָכטען אַ קליין קאָרבעל פון שוואַמיגען טראַסטניק, אין וועלכען זיא האָט אויסגעבעט פאַר איהר ליבלינג, כדי איהם אַוועקצוטראָגען צו דעם פייכטען ברעג פון דעם מוטנעם טייך נילוס. דאָרטען איז דער קינד איבערגעלאָזען געוואָרען אין דעם שווימענדען קאָרבעל צווישען דיא בוימלאַך פון נעבען דעם טייך און זיין שוועסטער מרים איז געבליבען שטעהן פון וויטען, כדי צו זעהן, וואָס ס'וועט מיט איהם געשעהען.

באַלד, נאָך דעם, איז ערשיענען אויף דעם זעלבען פלאַץ, כדי זיך דאָרטען צו באָדען פרעה'ס טאָכטער — נאָך דעם היס־טאָריקער יוספוס האָט זיא געהייסען: טהערמוטיס *) זיא האָט ענט־דעקט צו דער רעכטער צייט דאָס שעהנע טראַסטניק קאָרבעל, האָט געהייסען עס צוברייענגען און עפענען. דאָס אויסזעהען פון דעם געזונדען קינד, וועלכער האָט אין זיין פערלאָזענהייט געוויינט, האָט אָנגעפילט מיט רחמנות דאָס האַרץ פון פרעה'ס טאָכטער. די חיטרע און פאָרזיכטיגע מרים איז אויך תיכף צוגעקומען, כדי אָנצובאָטען דער פרינצעסין, אַז זי זאָל ברייגגען צו איהם אַנ'אַם, זיא האָט געבראַכט אלס אַם די אייגענע מוטער, און מען האָט איהר איבערגעגעבען דאָס געפונענע קינד. טהערמוטים האָט דעם יונגעל צוגענומען פאַר איהר אייגענעם און זי האָט איהם אַ נאָמען געגעבען משה, מחמת זי האָט איהם אַרויסגעצויגען פון'ם וואַסער (כי מן המים משיתיהו).

---

*) איבער דעם נאָמען פון דער לעגענדאַרער פרעה'ס טאָכטער זיינען דאָ פערשיעדענע בעהויפטונגען. נאָך איין לעגענדע האָט משה'ס רעטערין ניט געהייסען טהערמוטיס זאָנדערן מעררים און נאָך אַ דריטע לעגענדע האָט זי געהייסען בתיה.

איבער משה׳ס קינדער יאָהרען איז ניט בעקאַנט קיין שום זיכערע זאַך. לויט דער טראַדיציאָן, נאָך וועלכער יוספוס שטיצט זיך האָט דער אינגעל געמוזט זיין אויסערגעוועהנליך שעהן (בעריהמטע פאָרשער ערקלעהרען אָבער, אַז די בעהויפטונג פון דעם אַלטען יוספוס איז ניט מעהר ווי אַ פאַנטאַזיע). יוספוס בעהויפטעט נאָך, אַז די פרינצעסין טהערמוטיס האָט געשטעלט גייסטליכע איהם לעהרנען אַלע מצרי׳שע חכמות. זיא האָט איהם אויך געטריי בעשיצט פאַר דעם קעניג, ווען די גייסטליכע האָבען דערצעהלט איהר פאָטער, אַז ס׳וועט דורך איהם אַרויסקומען שלעכטעס פאַר דעם לאַנד און דערפאַר דאַרפען די מצרים זוכען פטור צו ווערען פון דעם אינטעליגענטען און ענערגישען גר. אין אַ טאָג האָט משה זיך געשפּיעלט מיט דעם קעניגס קרוין, זי אַנידער געוואָרפען צו דער ערד און געטרעטען מיט די פיס ווער ס׳האַנדעלט אַזוי קען ניט בעטראַכט ווערען פאַר א דאנקבאַר צוגענומען איינקעל און ער ערוועקט דורך דעם אַ חשד און אַ מורא פאַר דער צוקונפט. די גייסטליכע, וועלכע האָבען דאָס מיטגעטהיילט דעם קעניג האָבען אָבער גאָר ניט געקענט אויספיהרען, מחמת די פרינצעסין האָט משה׳ן בעשיצט און ער איז ווייטער געלעהרענט אין ערצויגען געוואָרען אין קעניגליכען הויף

לויט דער שריפטליכער איבערליפערונג פון מאנעטהאָ *) איז משה געווען אַ צייט לאַנג כהן אין העליאָפּאָלים **). יוספ׳ית בעהויפטעט, דאָס ווען משה איז גרויס געוואָרען האָט ער געפיהרט אַ מצרי׳שע אַרמעע געגען די עטהיאָפּיער ***), וועלכע האָבען ערקלעהרט מלחמה צו מצרים. ער האָט בעזיעגט דעם שונא און איהם

---

*) מאַנעטהאָ, אַ גריכיש-עגיפטישער היסטאָריקער, האָט געשריבען אַ געשיכטע מיט 271 יאָהר בעפאָר דער קריסטליכער צייט רעכנונג. דיזע געשיכטע האָט אַ געוויסע בעדייטונג פאַר יודען.

**) העליאָפּאָליס, אַ שטאָדט אין מצרים בעקאַנט אין אַלטערטהום ביי יודען אונטער דעם נאָמען און.

***) עטהיאָפּיער, אַ פאָלק פון אַראַביען. אין דער ביבעל ווערען זייא דערמאָהנט אַלס די בני כוש.

צאָכגעיאָגט ביז דער שטאָדט שבא, וועלכע ער האָט בעלאַגערט. דאַן איז געשעהען דאָס וואָס איז מענשליך: טהאַרבים די טאָכטער פון דעם קעניג פון עטהיאָפּיער האָט זיך פערליעבט אין משה'ן; זי האָט איהם פאָרגעשלאָגען, דאָס ער זאָל זי מאַכען פאַר זיין ווייב, און האָט איהם איבערגעגעבען די בעלאַגערטע שטאָדט. ער האָט חתונה געהאַט מיט דער פּרינצעסין און האָט צוריקגעפיהרט די מצרי'שע אַרמעע זיעגרייך אין דעם צפון טהייל פון דעם נילוס לאַנד. אָט אַזוי פיעל דערצעהלט אונז דער ראָמאַנטישער בעריכט איבער דער יוגענד און ענטוויקלונג פון'ם בעגרינדער פון דער יודישער רעליגיאָן.

פון דער ביבלישער געשיכטע ערפאַהרט מען אויך, אַז משה האָט געמוזט אַנטלויפען אין דער מדבר פון אַראַביען, מחמת ער האָט דערהרג'ט אַ מצרי; ס'איז גוט בעקאַנט די טראַדיציאָן, אַז משה האָט זיך אויפגעהאַלטען ביי יתרו, דער כהן פון מדין, וועל-כער האָט געהאַט זיבען טעכטער; איינע פון זיי, צפּרה, האָט משה בעקומען פאַר אַ ווייב. יאָהרען לאַנג — אַזוי דערצעהלט די אי-בערגעגעבענע געשיכטע — האָט ער געהיט די סטאַדעס שעפּסען פון זיין שווער יתרו. דאָרט האָט ער צייט געהאַט נאָכצודענקען איבער דעם טרויעריגען שיקזאַל פון זיינע יודישע אָבשטאַמונגס-ברידער אין מצרים, פון וואַנען ער האָט אויך ערהאַלטען ידיעות, אַז די לאַגע האָט זיך ניט פערבעסערט, נאָר פערקעהרט די ליידען און דיא אונטערדריקונג האָבען זיך נאָך פערגרעסערט.

אין דער לאַנגער צייט איז ביי משה'ן רייף געוואָרען דער פּלאַן אַרויסצונעהמען, אין נאָמען פון דעם גאָט פון די אָבות, אַברהם, יצחק ויעקב, דאָס יודישע פאָלק פון מצרים. צוזאַמען מיט זיין ברודער אַהרן האָט ער זיך צוריק געקעהרט אין דעם לאַנד, פון וועלכען ער איז אַנטלאָפען און אין וועלכען עס האָט שוין געהערשט, זינט לאַנג, אַנ'אַנדערער קעניג. משה איז צו דער צייט שוין אַלט געווען 80 יאָהר. מאַכענדיג געוויסע קונצען, בעוויי‌זענדיג וואונדער, וועלכע די מצרי'שע חכמים האָבען נאָר טהיילוויין גע-קאָנט נאָכמאַכען, האָט עס די ברידער געלונגען צו ערוועקען אַ

מורא ביי דעם מצרי׳שען קעניג און אויף איהם צו ווירקען, דאָס ער זאָל אַרויסלאָזען די יודען. ווער קען ניט אָט די אַלע רייצענדע ערצעהלונגען און וואונדער געשיכטען פון יציאת מצרים, וועלכע פערהערליכען משה׳ס ווערק אַלס אַ קונסטפאָלע העלדען געריכט.

אין דער ווירקליכקייט איז די געשיכטע פון דער בעפרייאונג פון די יודען אויס דער שקלאַפעריי פון מצרים טאַקי אַ אָריגינאַליש העלדען-געריכט, אויסגעפוצט מיט דעם גאַנצען צויבער פון אַ פאָעטיש שאַפענדער פאַנטאַזיע, מיט וועלכען עס פרייהען זיך אַפילו די, וועלכע גלויבען ניט אָט דאָס אַלעס, וואָס איז אָנגעשריבען געוואָרען מיט עדעלע פינגער אין תורת משה.

אונזער הויפט אינטערעס קאָנצענטרירט זיך אָבער ניט אויף דאָס אויסערליכע. ניט אויף די פאָרמען פון די וואונדער ערצעהלונגען וועגען יציאת מצרים און וועגען דער אויפהאַלטונג פון די יודען אין דער מדבר, זאָנדערן אויף דער זשעניאַלער געזעצגעבונג פון משה׳ן און איבערהויפט אויף זיין בעדייטונג אַלס שריפטשטעלער, אַלס ערצעהלער פון דער בעשאַפונגס געשיכטע.

לויט דער תלמודישער בעהויפטונג שטאַמען די פינף ביכער, וועלכע שטעלען צוזאַמען די תורה, און וועלכע זיינען געוואָרען דער כבוד און שטאָלץ פון דעם יודישען פאָלק, פון משה׳ן אַליין. די וויסענשאַפטליכע פאָרשונג און די העכערע קריטיק פון די געלעהרטע ביבעל-ערקלעהרער האָבען אָבער אונטערגעגראָבען דעם גלויבען אין דער אָריגינאַליטעט פון תורת משה. נאָך מיט איבער הונדערט יאָהר צוריק האָט זיך צופלאַמט אונטער די טהעאָלאָגען (רעליגיאָנס געלעהרטע) אַ לאַנגער, און אין געוויסע הינזיכטען, אַליידענשאַפטליכער קאַמפף איבער דער פראַגע: צו שטאַמט די תורה פון משה׳ן אָדער ניט? דער קאַמפף האָט זיך נאָך ביז היינט צו טאָג ניט פאָלשטענדיג געענדיגט, כאָטש עס זיינען נאָך דא ווענינע טהעאָלאָגען, וועלכע האַלטען די תורה אָריגינעל און גלויבען אין אַלעס, וואָס שטעהט אין איהר. אפילו זעהר צוריק געהאַלטענע, העכסט קאָנסערוואַטיווע און דורכאויס רעליגיעזע געלעהרטע האָבען געמוזט צוגעבען — מיט בעדויערען אַפילו — אַז די אַלע בעריכ-

טען, וועלכע מען שרייבט צו צו משה'ן זיינען ניט אין אלע טהיילען אמת און ריין פון סאי וועלכען טעות. די גרעסטע צאהל ביבעל פארשער זיינען היינט צו טאג פעסט איבערצייגט, אז משה האט ניט פערפאסט די גאנצע תורה. זאנדערן די תורה האט מעהרערע העברעאישע פערפאסער אלס איהרע שאפער. נאר אויף אזא אופן קענען מיר פארשטעהן פון וואנען עס נעהמען זיך די פיעלע כראנאלאגישע אונמעגליכקייטען און ווידערשפרוכען, דאס פיעלע מאל איבער'חזר'ן אין אנדערע ווערטער די זעלבע בעריכטען איבער די זעלבע בעגעבענהייטען, און די פערשיעדענע נעמען, מיט וועלכע גאט ווערט גערופען אין דער תורה; נאר אויף אזא אופן קענען מיר פארשטעהן פון וואנען עס נעהמען זיך אין דער תורה די פערשיעדענע סטיל פארמען און די אפטע ענדערונגען אין סטיל. ס'איז אויך כדאי צו געדענקען, אז די תורה איז געשריבען אין אזא העברעאיש, ווי מען האט גערעדט מיט טויזענד יאהר נאך משה'ס טויט, און ס'איז זיך זעהר שווער פארצושטעלען, אז די שפראך זאל זיך גאר ניט האבען געענדערט אין פערלויף פון גאנצע טויזענד יאהר.

פאר די ביבעל קריטיקער, וועלכע זיינען פריי פון פאראורטהיילע און פאר די קענער פון דעם אריענטאלישען אלטערטהום איז גאר קיין צווייפעל ניט, אז צושרייבען דאס ספר בראשית צו משה'ן וועט קיינער ניט, אחוץ די, וועלכע זיינען אבסאלוטע שקלאפען פון דער טראדיציאן. דאס ערשטע און דאס צווייטע קאפיטעל פון דעם ספר בראשית ענטהאלטען צוויי פערשיעדענע אויפפאסונגען וועגען דער ענטשטעהונג פון דער וועלט. דאס ערשטע קאפיטעל, מיט וועלכען מיר וועלען זיך באלד אויספיהרליכער בעשעפטיגען שטאמט פון א עלאהיסט, פון אזעלכען, וועלכער רופט דעם שאפער פון דער וועלט אלהים, וועהרענד דאס צווייטע קאפיטעל, וועלכעס איז זאגאר אין ווידערשפרוך מיט דעם אינהאלט פון דעם ערשטען, איז פערפאסט פון א יאהאוויסט פון איינעם, וועלכער רופט דאס העכסטע וועזען מיט דעם נאמען יהוה. מיט די צוויי אויסדריקע „עלאהיסט" און „יאהאוויסט" בעצייכענט די ביבעל

קריטיק די צווי הויפּט קוועלען, פון וועלכע די תורה איז ארויס־געפלאָסען. ביידע קוועלען קענען נאָכגעפאָלגט ווערען ביז אין דעם 9-טען יאָהרהונדערט בעפאָר דער קריסטליכער צייט רעכנונג.

אזוי לערנען די מעהר געלעהרטע פראָפעסאָרען זייערע טהעאָלאָגישע תלמידים. אָבער אין די פאָלקס שוהלען פון כמעט אלע קריסטליכע לענדער לעהרענט מען מיט די קינדער, אז דער אינהאַלט פון דער תורה איז די ענטפּלעקונג פון גאָט אליין, ביי וועלכען משה איז אייגענטליך נאָר געווען אַ פּריוואַט-סעקרעטער, וועלכער האָט געשריבען נאָר דאָס, וואָס דער העכסטער פערפאַסער, דער יודישער יהוה-אלהים האָט איהם געהייסען. אויב מיר נעהמען אָן, אז די הייליגע שריפטען זיינען געגעבען געוואָרען פון גאָט אליין, אז זיי זיינען פון איהם דיקטירט געוואָרען, דאַן קען אונז גאַנץ גלייכגילטיג זיין צו משה אליין אָדער מעהרערע אַנדערע העברעאישע שריפטשטעלער האָבען זיי אויפגעשריבען.

אזוי לאַנג מען לעהרענט אין די שוהלען, אז די הייליגע שריפטען ענטהאַלטען גאָטס ווערטער, האָבען מיר די יעניגע, וועלכע האָבען אויסגעפונען די טעות'ן פון דער תורה, אַ פליכט צו בעקעמפפען „משה'ן" מיט אַלע וואַפען פון דער וויסענשאַפט און פון דעם שכל.

מיר וועלען נאָכפאָלגען דאָס, וואָס די שוהלען און די קירכען האָבען געלעהרענט זינט יאָהרהונדערטע און מיר וועלען זעהן צו דאָס איז אין אָנקלאַנג מיט דעם אמת אָדער ניט.

ווען מיר שרייבען פון „משה'ן" פערשטעהן מיר אונטער דעם נאָמען גאָטס קנעכט, אָהנע אונטערשיעד צו ער איז געווען איין איינציגער מענש, ווי די ביבעל וויל, צו ס'איז געווען אַ גרופּע פון אייניגע מענשען, ווי די געלעהרטע ביבעל קריטיקער און די טהעאָלאָגיע וויל.

משה איז, דורך דער געזעצגעבונג, וואָס איז איהם צוגעשריבען געוואָרען און דורך זיין לעהרע וועגען דער וועלט בעשאַפונג, אַ גרינדער פון אַ רעליגיאָן.

אַלע וויכטיגע גרינדער פֿון רעליגיאָנען בעזיצען געוויסע כאַראַקטערציגע, וועלכע מאַכען זיי עהנליך איינער צום צווייטען: זיי זיינען מיעפֿע דענקער, הויכבעגאַבטע פֿילאָזאָפֿישע נאַטורען, קענער פֿון די מענשליכע שוואַכקייטען און טוגענדען, און אַם מייסטענס בעזיצען זיי די פֿאָלקאָמסטע בילדונג פֿון זייער צייט.

אויך משה איז געווען אַ ריעזען גייסט. ער האָט געמווט זיין אַ אויסערגעוועהנליכע ערשיינונג, אַפֿילו אין זיין אויסערליכען אויסזעהן, פֿילייכט איז ער ווירקליך געווען אַזאַ פֿיגור ווי מיכעל אַנגעלאָ *) האָט איהם פֿערקערפּערט אין זיין „משה".

מחמת ער האָט בעזעסען די גאַנצע חכמה פֿון מצרים און פֿון אַנדערע מזרח לענדער — די עגיפּטישע כהנים, וועלכע זיינען געווען צו דער זעלבער צייט אַרצטע, כשוף-מאַכער, פֿילאָזאָפֿען און פּראָפֿעסאָרען האָבען מיט איהם געלעהרענט — איז משה געווען אים שטאַנד צו שאַפֿען, נאָך דעם וואָס זיין פֿאָלק איז בעפֿרייעט געוואָרען פֿון דער קנעכטשאַפֿט פֿון מצרים, דעם גרונד פֿון אַ גלויבען, וואָס האָט זיין בעדייטונג אויפֿגעהאַלטען דורך יאָהר טויזענדע אין דער מענשליכער געשיכטע.

ווי ס'איז בעוואוסט האָט משה בעקאַנט געמאַכט דער וועלט דעם איינציגען גאָט: יהוה אלהים. ער איז אַ מאָנאָטהעאיסט (גלויבער אין איין גאָט). אָט דיזער איינציגער גאָט, וועלכער האָט אויסערוועהלט דאָס פֿאָלק ישראל, איז דורכאויס אַ ספּעציפֿיש יודישער גאָט, וועלכער בעזיצט אַלע מענשליכע טוגענדען און ליידענשאַפֿטען, וואָס זיינען דעמאָלט אַנערקענט געוואָרען. ער איז די איינקערפּערונג פֿון דעם דעמאָלדיגען, נאָך גענוג פּרימיטיווען, העברעאישען בעגריף פֿון גאָט: ער איז שטאַרק, מעכטיג אייפֿערזיכטיג, בייז, אונ'רחמנות'דיג געגען זיינע געגנער, גרויזאַם געגען זיינע שונאים, ציניש און שפּאָטיש געגען די, וועלכע זיינען שוואַכער פֿון איהם און שטעלען זיך איהם דאָך דאַגעגען; ער זוכט די

*) מיכעל אַנגעלאָ, אַ וועלט בעריהמטער איטאַליענישער מאַהלער און סקולפּטאָר (1475–1564). ער האָט געשאַפֿען אַ סטאַטוע „משה", וואָס האָט אַ זעהר גרויסען קינסטלערישען ווערטה.

זינר פון די פּאָטערם ביי די קינדער ביז אין דריטען און פיערטען דור. דאָס איז אַזאַ איינענשאַפט, וואָס מען קען צושרייבען נאָר צו אַזעלכע מענשען, וועלכע שטעהען אויף דער נידעריגסטער שטופע פון בארבאַריי.

דיזער איינציגער אַלמעכטיגער גאָט האָט, לויט ווי די ביבעל דערצעהלט, בעשאַפען די גאַנצע וועלט פון גאָר ניט און בלויז דורך דעם איינעם וואָרט „יהי“ (עס זאָל ווערען).

דאָס האָבען די יודען פון משה'ן ביז היינט צו טאָג, שוין איבער 3000 יאָהר, און די קריסטען לערך 1900 יאָהר, געגלויבט און געלעהרענט.

משה'ס בעשאַפונגס געשיכטע איז אונז אַלע געלעהרענט געוואָרען אַלס דער ענטפלעקטער אמת אַליין און זי ווערט נאָך איצט אַלץ אַזוי געלעהרענט אין אַלע פאָלקס שוהלען פון דער ציווילי־זירטער וועלט, אין אויסנאַהמע פון פראַנקרייך און איטאַליען.

די בעשאַפונגס געשיכטע — ווי זי ווערט אונז אין דער ביבעל געשילדערט איז ווי אַ מעשה, ווי אַ דיכטונג פול מיט אָריענטאַ־לישער שעהנקייט — אָבער טאַקי נאָר אַ מעשה, נאָר אַ דיכטונג. זי ענטשפרעכט די בילדונג פון דער צייט, אין וועלכער זי איז געשאַפען געוואָרען, און איז בלויז אַ פאַנטאַסטישע פאָרשטעלונג, וועלכע קען ניט געגענשטעהען דער קריטיק פון דער נאַטור־וויסענשאַפט און וועלכע קען נאָר ניט געגלויבט ווערען; זי איז אַזאַ אויפפאַסונג פון דער וועלט בעשאַפונג, וואָס שטעהט אין שאַרפ־סטען ווידערשפרוך צו דער וויסענשאַפט פון אונזער צייט.

דעמאָלט ווען משה האָט די בעשאַפונגס געשיכטע געשריבען האָט ער געוויס קיין פּרעטענציע ניט געהאַט, אַז זיין שילדערונג וועט אָנגענומען ווערען אַלס דיא איינציגע גליקליך־מאַבענדע לעהרע, וואָס וועט געגלויבט ווערען יאָהרטויזענדע לאַנג אין אַלע טהיילען פון דער וועלט. די אידען און נאָכהער די קריסטען זיינען אָבער געוואָרען מעהר מאָזאַאיש (משה'ש), ווי משה אַליין און אַזוי שטעהן מיר אין דער מאָדערנער ציוויליזירטער צייט אויף דעם זעלבען פלאַץ ווי אין די אַלטע צייטען, ווי גלייך מיר וואָלטען זיך ניט געקענט ריהרען פון אָרט.

לויט דער געשיכטע, וואָס דער בעגרינדער פֿון דער אירישער רעליגיאָן דערצעהלט, איז די גאַנצע וועלט בעשאַפֿען געוואָרען אין זעקס טעג. לאָמיר דיזע געשיכטע גענויער בעטראַכטען.

דער ערשטער זאַץ אין דעם ערשטען קאַפּיטעל פֿון ספֿר בראשית לויטעט:

„בראשית ברא אלהים את השמים ואת האָרץ — אין אָנפֿאַנג האָט גאָט בעשאַפֿען דעם הימעל און די ערד".

דער נאַטור פֿאָרשער פֿון אונזער צייט ווייס זאָגען: די וועלט („הימעל און ערד", ווי משה רופֿט עס) האָט ניט קיין אָנפֿאַנג און ניט קיין סוף. זי איז אין צייט און רוים אונענדליך. פֿון גאָר ניט ענטשטעהט גאָר ניט און דאָס וואָס איז פֿאַראַן קען ניט פֿערשווינדען ווערען אין גאָר ניט, ס׳מוז עפּעס דערפֿון ווערען. די וועלט איז אייביג געוועזען און וועט אייביג זיין. דאָס וועט איבערצייגט דורך דאָס פֿיזיקאַלישע געזעץ פֿון דער ערהאַלטונגס קראַפט, מיט וועלכען מען קען זיך גענוי בעקענען אין יעדען נייעם בוך פֿון פֿיזיק אָדער כעמיע

פֿון זאַץ 2 ביז זאַץ 5 פֿון דעם זעלבען קאַפּיטעל אין דעם זעלבען ספֿר (בראשית) ווערט דערצעהלט:

„און די ערד איז געוועזען וויסט און פוסט, און ס׳איז געוועזען פינסטער אויף דעם תהום, און דער גייסט פֿון גאָט האָט גע־שוועבט אויף דעם וואַסער און גאָט האָט געזאָגט: ס׳זאָל ווערען ליכט (יהי אור), און ס׳איז געוואָרען ליכט. און גאָט האָט געזעהן, אַז דאָס ליכט איז גוט, האָט גאָט אָבגעשיידט דאָס ליכט פֿון דער פֿינסטערניש, און גאָט האָט גערופֿען: דאָס ליכט — טאָג, אין די פֿינסטערניש — נאַכט, און ס׳איז געוועזען אבענד און פֿריה מאָרגען פֿון דעם ערשטען טאָג".

געגען דעם איז דאָ צו בעמערקען, אַז די נאַטור וויסענשאַפֿט קען ניט קיין אַנדערע ליכט, ווי דאָס וואָס געהט אַרויס פֿון אַ לייכטענדען קערפּער, זאָל עס זיין, אַז דאָס איז די אייגענע ליכט פֿון דעם קערפּער גופֿא, אָדער ס׳איז בלויז די ליכט וואָס ער רעפֿלעקטירט, נאָך דעם וואָס ער בעקומט זי פֿון אַן אַנדערען לייכ־

טענדען קערפּער. דאָס ליכט איז נאָר אַנ׳ערשיינונג אין דעם בעוועגליכען שטאָף, ס׳איז אַ כוואַליעס פֿאָרמיגע בעוועגונג פֿון די קליינע שטאָף טהיילכעלאַך. די פֿיזיק, די וויסענשאַפֿט פֿון די נאַטור ערשיינונגען, האָט גענוי אויסגעמאָסטען די לענג און די געשווינדקייט פֿון די כוואַליע׳ס, וועלכע ווערען געמאַכט דורך די בעוועגונגען אין דעם שטאָף. דאָס ליכט איז ניט קיין עלעמענט, ס׳איז ניט אַ געגענשטאַנד, אַ זאַך, זאָנדערן ס׳איז נאָר אַ ב ע ג ר י ף פֿון דער איינענאַרטיגער בעוועגונג אין דעם שטאָף, אין דער מאַטעריע. אָט דערפֿאַר איז פֿאַר קיין שטערבליכען מענשען ניט מעגליך צו פֿערשטעהן און צו ערקלעהרען, וואָס ס׳קען בעדייטען אַזוינס דאָס „ליכט״ פֿונ׳ם ערשטען טאָג פֿון דער וועלט בעשאַפֿונג.

דער „טאָג״ און די „נאַכט״, דער „אַבענד״ און דער „פֿריה־מאָרגען״ פֿון דעם ערשטען טאָג זיינען אונמעגליכקייטען.

פֿון זאַץ 6 ביז זאַץ 8 לויטעט:

„און גאָט האָט געזאָגט: ס׳זאָל ווערען אַ דעק צווישען די וואַסערען און ס׳זאָל זיין אַ צווישענשייד פֿון וואַסער צו וואַסער. און גאָט האָט געמאַכט די דעק, און ער האָט אַבגעשיידט דאָס וואַסער, וועלכעס איז אונטער דער דעק פֿון דעם וואַסער, וועלכעס איז איבער דעם דעק, און ס׳איז געשעהן אַזוי. און גאָט האָט גערופֿען די דעק — הימעל, און ס׳איז געווען אָבענד און פֿריה מאָרגען פֿון דעם צווייטען טאָג״.

אָט דאָ שטעקט אַ גרויסער ווידערשפּרוך. אין ערשטען זאַץ ווערט געזאָגט, אַז גאָט האָט בעשאַפֿען גלייך אין אָנפֿאַנג דעם הימעל (בראשית ברא אלהים את השמים), און אין אַכטען זאַץ ווערט דערצעהלט, אַז דער הימעל איז אויפ׳ס ניי בעשאַפֿען געוואָרען (ויעש אלהים את הרקיע... ויקרא אלהים לרקיע שמים) און דאָס איז געשעהן אין דעם צווייטען טאָג. דאָס איז אין גאַנצען אונפֿערשטענדליך, אונבעגרייפֿליך און געגען דער לאָגיק. אין יעדען פֿאַל איז קלאָהר, אַז דאָ איז פֿאַראַן אַ גרויסער פּלאָנטער. העברעאישע שפּראַך־קענער און שריפֿט־געלעהרטע האָבען זיך מיט דעם ווידערשפּרוך שטאַרק בעשעפֿטיגט און איינינע פֿון זיי זיינען

געקומען צו דער איבערזעצונג, אַז דער ערשטער זאַץ פון דער תורה איז נים איבערגעליפערט געוואָרען, ווי משה האָט איהם פערפאַסט, אַנדערן ער איז, דורך אַ קאָפּיע פעהלער, פערענדערט געוואָרען. זיי בעהויפטען, אַז גאָט האָט אין אָנפאַנג מן הסתם בעשאַפען דאָס וואַסער און משה האָט דערצעהלט: „בראשית ברא אלהים את המים ואת הארץ — אין אָנפאַנג האָט גאָט בעשאַפען דאָס וואַסער און די ערד". ביי דער איבערשרייבונג האָט מען אָבער געמאַכט אַ טעות און געשטעלט דאָס וואָרט „השמים" אַנשטאָט דעם וואָרט „המים", און דערפון האָט זיך גענומען דער ווידערשפּרוך.

פון זאַץ 9 ביז זאַץ 13 לויטעט:

„און גאָט האָט געזאָגט: ס'זאָל זיך אָנזאַמלען דאָס וואַסער פון אונטער דעם הימעל אין איין פלאַץ, דאָס מען זאָל אַרויסזעהן די טרוקעניש (יבשה) און ס'איז געשעהן אַזוי. און גאָט האָט גערופען די טרוקעניש — ערד, און דאָס אָנגעזאַמעלטע וואַסער האָט ער גערופען — ימים, און גאָט האָט געזעהן, אַז ס'איז גוט. און גאָט האָט געזאָגט, אַז ס'זאָל אַרויסוואַקסען פון דער ערד גראָז און קרייטיכער, וועלכע זאָלען זיך פאָרטפּפלאַנצען דורך זייערע זאַמען: דער פרוכטען-בוים זאָל האָבען פרוכטען פון זיין מין מיט זיין זאמען אין זיך אויף דער ערד, און ס'איז געשעהן אַזוי. און די ערד האָט אַרויסגעגעבען גראָז און קרייטיכער, וועלכע זאָלען זיך פאָרטפּפלאַנצען דורך זייערע זאמען, יעדעס נאָך זיין מין. און דער בוים האָט געמאַכט פרוכטען, אין וועלכע ס'איז געוועזען זיין זאַמען, יעדער נאָך זיין מין. און גאָט האָט געזעהן, אַז ס'איז גוט. און ס'איז געוועזען אַבענד און פריהמאָרגען פון דעם דריטען טאָג.

די בעשאַפונג פון די פפלאַנצען איידער די זונן איז אויף דעם הימעל געוועזען איז אַ נאַטירליכע אונמעגליכקייט. די ראַציאָנאַליסטען ווילען נאָך האָבען אַז יעדער טאָג פון משה'ס בעשאַפונגס געשיכטע מיינט אַ גאַנצע פעריאָדע מיט יאָהרען; מיר ווילען דערפאַר בעמערקען, אַז ס'איז נאָך אונמעגליכער אויפצוהאַלטען גרינע פפלאַנצען אַ לאַנגע צייט אָהנע זוננען שטראַהלען.

פון זאץ 14 ביז זאץ 19 לויטעט:

„און גאט האט געזאגט: ס'זאלען ווערען ליכטער אויף דער דעק פון'ם הימעל צו אונטערשיידען צווישען טאג און נאכט און זיי זאלען זיין צייכענס פון די צייטען, פון די טעג און פון די יאהרען. און עס זיינען געווארען ליכטער אויף דעם דעק פון דעם הימעל צו בעלייכטען אויף דער ערד, און ס'איז געשעהן אזוי. און גאט האט געמאכט די צוויי גרויסע ליכטער: דאס גרויסע ליכט צו געוועלטיגען בייטאג און דאס קליינע ליכט צו געוועלטיגען ביינאכט און אויך דיא שטערן; און גאט האט זיי אריינגעזעצט אין דעם דעק פון דעם הימעל צו בעלייכטען אויף דער ערד, און זיי זאלען געוועלטיגען בייטאג און ביינאכט, און זיי זאלען אונטערשיידען צווישען דאס ליכט און דער פינסטע־ניש, און גאט האט געזעהן, אז ס'איז גוט, און ס'איז געווען אבענד און פריהמארגען פון דעם פיערטען טאג".

ווידערשפרוכען איבער ווידע־שפרוכען, אונמעגליכקייטען איבער אונמעגליכקייטען! דיא אסטראנאמיע, די וויסענשאפט פון די הימעל קערפער, צייגט, אז די ערד, זונן און לבנה זיינען ענטשטאנען גאר אין אנ'אנדע־ער כ־אנאלאגישער רייהע, ווי די וואס משה דער־צעהלט. די זונן איז געווען אין וועלט־רוים א לאנגע צייט פאר דער ע־רד, און די ערד — א לאנגע צייט פאר דער לבנה. אונצייהל־בארע שטערן זיינען געווען אין וועלט־רוים מיט מיליאנרדען יאה־ען בעפאר אונזער זונן מיט איה־ע פלאנעטען און סאטעליטען. אחוץ דעם ווידערשפרעכט משה זיך אליין דערמיט וואס ער דער־צעהלט, אז אין פיערטען טאג איז אבגעשיידט געווארען דאס ליכט פון דער פינסטערניש, נאך דעם וואס ער האט דערצעהלט, אז דאס איז נאך געשעהן דעם ערשטען טאג און ס'האבען זיך שוין איבערגע־חזר'ט איינינע מאל דער אבענד און דער פריהמארגען.

פון זאץ 20 ביז זאץ 23 לויטעט:

„און גאט האט געזאגט: ס'זאל זיך רעגנען דאס וואסער מיט דיהרענדע לעבעדיגע בעשעפעניסע, און עופות זאלען פליהען אויף דער ערד פאר דער דעק פון דעם הימעל. און גאט האט בע־

בעשאַפֿען די גרויסע וואַללפֿיש און אַלערליי ריהרענדע לעבענדיגע בעשעפֿניסע, וועלכע רעגען אויף דאָס וואַסער, יעדעס נאָך זיין מין. און גאָט האָט געזעהן, אַז ס'איז גוט. און גאָט האָט זיי געבענשט, זאָגענדיג: פֿרוכטפֿערט און מעהרט אייך און פֿולט אָן דאָס וואַסער פֿון דעם ים, און די פייגעל זאָלען זיך מעהרען אויף דער ערד. און ס'איז געווען אַבענד און פֿריהמאָרגען פֿון דעם פֿינפֿטען טאָג.

דעם פֿינפֿטען טאָג, הייסט עס, האָט גאָט בעשאַפֿען די בעשעפֿניסע פֿון'ם וואַסער און די פֿייגעל פֿון דער לופֿט. די נאַטור־וויסענשאַפֿטען האָבען בעוויזען אויף דעם איבערצייגענדעסטען אופֿן, אַז די חיות האָבען זיך ענטוויקעלט אין דער זעלבער צייט מיט די פּפלאַנצען און אַז צוערשט זיינען געווען חיות און נאַכהער זיינען ערשט ענטשטאַנען די פֿייגעל. משה דערצעהלט, אַז די חיות זיינען בעשאַפֿען געוואָרען דעם זעקסטען טאָג, עס הייסט נאָך די עופֿות

פֿון זאַץ 24 ביז זאַץ 31 לויטעט:

„און גאָט האָט געזאָגט: די ערד זאָל אַרויסברייגען לעבענ־דיגע חיות יעדעס נאָך זיין מין, בהמות און ווערים, און חיות פֿון דער ערד, יעדעס נאָך זיין מין. און ס'איז געשעהן אַזוי. און גאָט האָט געמאַכט די חיות פֿון אויף דער ערד נאָך זייער מין און די בהמות נאָך זייער מין, און אַלערליי ווערים פֿון דער ערד נאָך זייער מין, און גאָט האָט געזעהן, אַז ס'איז גוט. און גאָט האָט געזאָגט: זאָלען מיר מאַכען דעם מענשען אין אונזער בילד און געשטאַלט (בצלמנו כדמותנו) און ער זאָל הערשען אויף די פֿיש אין ים, און אויף די פֿייגעל פֿון'ם הימעל, און אויף די בהמות, און אויף דער גאַנצער ערד. און גאָט האָט בעשאַפֿען דעם מענשען נאָך זיין בילד, נאָך דעם בילד פֿון גאָט האָט ער איהם בעשאַפֿען, אַ זכר און אַ נקבה האָט ער אין זיי בעשאַפֿען.

„און גאָט האָט זיי געבענשט א. ז. וו.

„און גאָט האָט געזעהן אַלעס וואָס ער האָט געשאַפֿען און ער

האָט געזעהן אַז ס'איז געווען זעהר גוט, און ס'איז געווען אַבענד און פריהמאָרגען פון דעם זעקסטען טאָג".

אין דעם זעקסטען טאָג, הייסט עס, האָט גאָט בעשאַפען די חיות און גאָר צום סוף האָט ער בעשאַפען דעם מענשען. משה האָט אַם ריכטיגסטען געטראָפען דערמיט, וואס ער האָט געשטעלט די בעשאַפונג פון דעם מענשען צום סוף; ס'איז אָבער ניט ריכטיג, אַז אָדם איז בעשאַפען געוואָרען פון אַ שטיק ליים, ווי עס ווערט בעהויפטעט אין צווייטען קאַפּיטעל פון ספר בראשית, און ס'איז אויך ניט ריכטיג, אַז חוה איז בעשאַפען געוואָרען פון אָדם'ס ריפּ־ מיר ווילען זיך נאָך צו דעם טעות צוריקקעהרען.

ס'איז אויך ניט ריכטיג, אַז גאָט האָט בעשאַפען דעם מענשען נאָך זיין בילד, פערקעהרט, גראָדע דער הפוך האָט זיך אַרויסגע־ וויזען פאַר אמת. דער מענש האָט זיך בעשאַפען אַ גאָט נאָך דעם בילד פון דעם מענשען! ווי דער מענש איז, אַזוי איז אויך זיין גאָט!

ס'איז אויך גוט בעקאַנט די געשיכטע פון חוה'ס זינד און פון דער אַרויסטרייבונג פון גן עדן. די ריידעווידיגע שלאַנג האָט פער־ שאַפט די טהעאָלאָגען זעהר פיעל קאָפּברעכעניש און די שוהל קינדער זעהר פיעל שפּאַס. אין דער קריסטליכער וועלט איז בע־ הויפטעט געוואָרען און עס ווערט נאָך היינט צו טאָג בעהויפטעט, אַז משה האָט אין דער ריידעווידיגער שלאַנג געוואָלט איינקערפּערן דעם שטן אָדער דעם רוח. דאָס איז אָבער אַ גרויסער פעהלער, מחמת משה האָט נאָך ניט געקענט קיין שטן און קיין רוח. דיזע דעמאָנען געשטאַלטען זיינען ערשט בעקאַנט געוואָרען ביי יודען מיט שפּעהטע עטליכע יאָהרהונדערט נאָך משה'ס טויט. קלאָהר בע־ שריבען איז דער שטן ערשט אין ספר איוב.

אַ ריידעווידיגע שלאַנג האָט געפיהרט צוערשט די מענשען צו דער ערקענטניס פון דאָס גוטע און פון דאָס שלעכטע!

ווי עס ווערט ווייטער בעהויפטעט איז, אַלס פאָלגע פון חוה'ס זינד, וועלכע איז איבערגעגעבען געוואָרען בירושה צו דער גאַנצער מענשהייט אויף דור דורות, געקומען דערצו, דאָס קין זאָל דער־

הרג'ענען זיין ברורער הכל. די שריעקליכע געשיכטע ענדיגט זיך אויך מיט א גרויסען ווידערשפּרוך: דער מערדער קין איז אַוועק אין דעם לאַנד נוד און ס'ווערט דערצעהלט אין ספר בראשית קאַפּיטעל 4 זאַץ 14:

„און קין האָט זיך בעקענט מיט זיין ווייב, און זי איז שוואַנ־גער געוואָרען און געבוירען חנוך, און ער האָט געבויעט א שטאָדט און ער האָט זיא גערופען מיט דעם נאָמען פון זיין זוהן הנוך".

מיר זעהען דא, אַז דער זוהן פון דעם ערשטען מענשען אָדם איז גאָר אַוועק אין אַ פרעמד לאַנד, וואו ער האָט חתונה געהאַט, קינדער געבוירען און זאָגאַר אַ שטאָדט געבויעט. געווים מיט דער הילף פון א־בייטער. אין דעם לאַנד נוד האָבען זיך, הייסט עס, אויך געפונען מענשען, וועלכע זיינען בעשאַפען געוואָרען אויסערהאַלב אדם'ס משפחה. דאָס אַלעס שטעהט אין דער תורה און ס'פאָלגט דערפון, אַז אָדם און חוה זיינען גאָר ניט געוועזען די ערשטע מענשען. די נאַטור וויסענשאַפט קען אויך ניט קיין ערשטען מאַן: אָדם, און קיין ערשטע פרוי: חוה.

ס'איז אייך בעקאַנט דער וויטערדיגער בעריכט פון תורת משה וועגען מבול. אין ספר בראשית קאַפּיטעל 6 זאַץ 7 ווערט דערצעהלט:

„און גאָט האָט געזאָגט: איך וויל פערטיליגען די מענשען וועלכע איך האָב בעשאַפען, פון אויף דער ערד, פון דעם מענ־שען ביז צו דער בהמה, ביז צו דעם וואָרים און ביז צו דעם פויגעל פון הימעל, דען איך בערייע, פאַר וואָס איך האָב זיי געשאַפען"

אָט דאָ האָבען מיר אַ זעהר נאַאיווע אויפפאַסונג וועגען גאָט. יהוה ציינט זיך דאָ אַרויס אלס א שוואַכעס מענשליכעס וועזען, ער בערייעט פאַר וואָס ער האָט פריהער די מענשען בעשאַפען. ער פערגעסט גאָר אַז ער האָט אָנגעקוקט אַלעס וואָס ער האָט גע־שאַפען „און האָט געזעהן, אַז ס'איז זעהר גוט" (והנה טוב מאוד).

וואָס וואָלטען מיר גערעדט פון אַ זשעניאַלען קינסטלער אָדער ארכיטעקטאָר, וועלכער וואָלט פלוצלינג בערייעט אויף דאָס וואָס ער האָט געשאַפען! אַ ריכטיגער מענש בערייעט קיין זאַך ניט! אַ ריכטיגער מענש האַנדעלט שטענדיג נאָך זיין בעסטער איבערצייגונג. מאַכט ער אַ טעות אין זיין אַרבייט, טראָץ דעם וואָס ער האָט געוואָלט שאַפען נאָר גוטעס, בערייעט ער ניט, קלאָגט ניט און יאָמערט ניט, זאָנדערן ער וועט נאָכדענקען, ווי דעם פעהלער צו פעררירכטען און ווי אַ צווייטען מאָל ריכטיגער צו האַנדלען. דאָס איז ניט קיין בערייאונג זאָנדערן פערבעסערונג. אַלץ בעסער און בעסער מאַכען, אָט דאָס איז די הויפּטזאַך ביי אַ פערנונפטיגען מענשען. אָבער ווען מען צושטערט אַלעס מאַכט מען קיין שום זאַך ניט בעסער.

יאָ, ס'איז גאַנץ ריכטיג, ווי דער טהעאָלאָג מ. י. סאַוואַדוש האָט בעמערקט: יהוה, וועגען וועלכען ס'ווערט דערצעהלט אין דער תורה, וואָהנט אויף איין בעשטימט אָרט, ווי אַ מענש; ער ערשיינט אין טעמפּעל, געהט און ריידט, ווי אַ מענש; ער דענקט און מאַכט פּלענער, וויא אַ מענש; ער ליבט און האַסט, ווערט בייז, נעהמט ראַכע און ענדערט זיינע מיינונגען, ווי ס'טהוט געוועהנליך אַ אָרי-ענטאַלישער דעספּאָט. מען דאַרף זיך אָבער איבער אַזאַ אַנטראָ-פּאָמאָרפיזם (עהנליכקייט צו אַ מענשען) ניט וואונדערן, מחמת די אידעע וועגען אַ גאָט איז בעשאַפען געוואָרען פון דעם מענשליכען מאַרך. ווי דער מענש וואַקסט און ענטוויקעלט זיך אַזוי וואַקסט און ענטוויקעלט זיך אויך זיין אידעע וועגען דער גאָטהייט.

אין קאַפּיטעל 6 זאַץ 8 ווערט דערצעהלט:

„און נח האָט געפונען חן אין די אויגען פון גאָט".

נאָך דעם קומט דער מבול, אַ וועלט אונגליק, אַ שרעקליכע דראַמאַ, צו וועלכער ס'איז קיין גלייכען ניט געווען אויף דער ערד. מיר אַלע האָבען, זיצענדיג אין די שוהל-בענק, אויסגעהערט מיט נייגעריגקייט די געשיכטע פון דעם מבול און די גרעסטע קינסטלער האָבען פעראייביגט דיזע דראַמאַ אין קונסטרייכע בילדער. די שוהל קינדער פון אונזער צייט לעזען אויך די ערצעהלונג פון דעם מבול

מיט דעם גרעסטען אינטערעס, און פאַר וואָס טאַקי ניט? דיזע וועלט דראַמאַ איז פערפוצט מיט דעם גאַנצען שמוק פון אַ אָריענ־טאַליש מעשה׳לע; אין מאַנכע פלעצער איז זי זאָגאַר פון אַ חלום׳־דיגער שעהנקייט.

ווער האָט אין זיינע יוגענד יאָהרען ניט געזעהן, אין דער פאַנטאַזיע פון זיין קינדערישער נשמה, דאָס גאַנצע בילד פון נח דער גערעכטער („איש צדיק תמים״), מיט זיין משפחה און מיט די פיעלע פאָרלאַך חיות, עופות און ווערים אין דער תבה, וואָס איז געווען 300 איילען לאַנג, 50 איילען ברייט און 30 איילען הויך, אין וועלכער עס זיינען געשלאָפען צוזאַמען די וועלף מיט די שעפ־סען און דיא זשיראפען מיט די לייבען; די ווילדע רויב חיות האָבען דאָרט געקייעט שטרוי און אַ אונבעגרעניצטער פרידען האָט אַלע בעשעפּניסע אַרומגענומען. דאַן די טויב מיט דעם אויילבלאַט; דאָס אָבשטעלען זיך פון דער תבה אויף דעם באַרג אררט; די קרבנות, וואָס נח האָט געבראַכט און גאָר צום סוף דער שעהנער רעגענ־בויגען אויף דעם הימעל. ווי האָבען מיר זיך אַלס קינדער געפרייעט, ווען מיר האָבען געהערט אָדער געלעזען די פערשפּרעכונג (אין ספר בראשית קאַפּיטעל 9 זאַץ 11):

„ס׳זאָל מעהר ניט פערשניטען ווערען אַלעס וואָס איז פון פלייש דורך דעם וואַסער פון דעם מבול״.

אָט דאָס אַלעס איז אונז געלעהרענט געוואָרען אַלס אַ בעגרינדעטער אמת און מיר האָבען עס גערן געגלויבט, דען ס׳איז געווען צו שעהן, דאָס ס׳זאָל זיין א ליגען. און זאָלען אונזערע קינדער דאָס ווייטער גלויבען? מיר זאָגען: ניין!

ס׳א׳ז אויך ווערטה צו בעמערקען, אַז די קריסטליכע טהעאָלאָגען וואָלטען זיך געוויס ניט אַזוי איינגעעקשנ׳ט אויפצוהאַלטען דאָס לעהרנען פון דעם ספר בראשית אין די שוהלען, ווען משה׳ס בעשאַפונגס געשיכטע וואָלט ניט ענטהאַלטען אין זיך די דאָגמאַטישע גרונדלאַגע, דעם באַזיס פון דאָס קריסטענטהום.

אוים דער לעהרע פון דעם חטא אין גן עדן און אוים דער פערצווייפעלטער אַנשויאונג, אַז די גאַנצע מענשהייט איז דורך

יענעם חטא פערשאָלטען געוואָרען אויף דור דורות, איז אַרויסגע־קומען די אידעע וועגען אַ רעטונג דורך איבער-ערדישער, איבער־נאַטירליכער, געטליכער הילף.

אַט אַזוי איז פון דעם יודענטהום אַרויסגעקומען דער געדאַנק פון אַ משיח, וועלכען גאָט אַליין וועט שיקען פון דעם הימעל און וועלכער וועט זעהר פיעל ליידען אויף דער ערד, כדי אָבצוקומען פאַר יענער גרויסער זינד, דורך וועלכער די מענשהייט איז פער־שאָלטען געוואָרען. דער געדאַנק וועגען אַ משיח איז נאָכהער איינגעקערפערט געוואָרען אין ישו הנוצרי און דאָס קריסטענטהום איז ענטשטאַנען.

דאָס קריסטענטהום איז לויט דער אויפפאַסונג פון דער אָר־טהאָדאָקסישער קירכע די נאַטירליכע טאָכטער פון דעם יודענטהום. ס'איז די לייזונג פון דער ביבלישער חידה וועגען דער זינד אין גן עדן און דער אייביגער קללה געגען דער מענשהייט *).

מיר וועלען אין אַן אַנדער פלאַץ פון דיזען בוך צייגען, אַז אויך די נאַטור פאָרשער פון דער געגענוואַרט, כאָטש זיי זיינען געגנער פון משה'ס ערצעהלונג וועגען דער וועלט בעשאַפונג, זיינען זיי דאָך בעוואוסט אויף אַ גרויסען חטא פון דער מענשהייט, וועלכער איז איבערגעגאַנגען בירושה פון דור צו דור. דערפאַר אויב מען דאַרף דוקא האָבען אַ „חטא" צו דער גרינדונג פון אַ ענטוויקלונגס-פעהיגען רעליגיאָנס-סיסטעם, דאַן זאָגען מיר: גוט! די נאַטור

*) אויפגעקלעהרטע טהעאָלאָגען לייקענען אָב, אַז דאָס קריסטענטהום איז די טאָכטער פון דעם יודענטהום. דער בעריהמטער טהעאָלאָג ברונאָ בויער, וועלכער איז אַם וועיטסטען געגאַנגען אין דער ביבעל קריטיק, איז געקומען צום שלוס, אַז ניט אין גליל און ירושלים איז דאָס קריסטענטהום ענטשטאַנען, זאָנדערן אין די פילאָזאָפישע שוהלען פון אַלעקסאַנדריאַ און רוים, וועלכע זיינען געווען די צענטערס פון דער דעמאָלטדיגער אינטעליגענץ. פרידעריך ענגעלס בעוויזט, אַז ניט די אינטעליגענץ זאָנדערן דער סאָציאַלער ע'ענד איז געווען דער ווירקענדער פאַקטאָר, וואָס האָט געשאַפען און ענטוויקעלט דאָס קריסטענטהום. קריסטוס איז געוואָרען אַ גרינדער פון אַ רעליגיאָן ערשט אייניגע יאָהרהונדערט נאָך זיין טויט.

פֿאָרשער האָבען געגען דעם גאָר ניט אַנצוּווענדען, פֿערקעהרט, מיר וועלען געהן האַנד אין האַנד מיט אַלע מענשען-פֿריינד, וועלכע ווילען ווירקליך ברייגנען גליק צו אונזער געשלעכט, כדי צו העלפֿען בעפֿרייען די מענשהייט פֿון אונטער דער אַנערקענטער מאַכט פֿון דעם „חטא".

ס'איז אויך וויכטיג פֿעסטצושטעלען, אַז דאס יודענטהום פֿון דער ביבלישער צייט האָט זעהר וועניג בייגעטראָגען צו דער נאַטור ערקענטניס. דאָס יודענטהום, וואָס האָט אַלס גרונדלאַגע תורת משה איז ניט פֿריינדליך צו דער וויסענשאַפֿט, אָבער דאָס אינטעליגענטע פֿאָלק, וועלכעס איז געפֿיהרט געוואָרען פֿון משה'ן און יהושע'ן אין דעם געלויבטען לאַנד (ארץ זבת חלב ודבש), איז געווען לעבענס לוסטיג און נאַטור-פֿריינדליך. די יודען פֿון דער אַלטער ביבלישער צייט האָבען זיך געפֿרייהט מיט די אוצרות פֿון דער וועלט; זיי האָבען ליעב געהאַט גאָלד און זילבער, שאָף און רינדער, גערטנער פֿון פֿרוכטען און פֿון וויינטרויבען; זיי האָבען געזעהן די בלומען פֿון די פֿעלדער און בעזונגען די שעהנקייט און הערליכקייט פֿון די ליליעס. זיי האָבען פֿערגליכען אין הויך-פּאָעטישע ווערק די מענשליכע שעהנקייט און דעם ווייבליכען ליעבע-רייץ צו די דופֿטענדע געשטאַלטען פֿון די פֿלאַנצען, וועלכע האָבען בעציהרט די פֿעלדער פֿון אַרום דעם באַרג לבנון און פֿון אַרום די ברעגעס פֿון דעם ירדן.

מיר ווילען דאָ ברייגנען נאָר אייניגע ביישפּיעלע פֿון שיר השירים, וועלכע ווילען דאָס איבערצייגען:

„איך בין אַ רויז אין שרון און אַ ליליע אין די טהאָלען". (קאַפּיטעל 2 זאַץ 1).

„אַ בינטעל מירען איז מיין פֿיעל געליעבטער צו מיר... מיין געליבטער איז צו מיר, ווי די טרויבען פֿון כופר אין דעם וויינגאָרטען פֿון עין גדי". (ק. 1 ז. 13 און 14).

„ווי די ליליע צווישען דערנער אַזוי איז מיין פֿיעל געליעבטע צווישען די טעכטער. ווי דער עפּעלבוים צווישען די בוימער פֿון

וואלד אַזוי איז מיין פיעל געליעבטער צווישען די זיהן". (ק. 2 ז. 2 און 3).

„גלייך צו אַ הירשין איז מיין פיעל געליעבטער אָדער צו אַ יונגען הירש". (ק. 2 ז. 9).

„זיין אויסזעהן איז ווי דער לבנון, אויסערוועהלט ווי די צעדערן". (ק. 5 ז. 15).

אָדער וועלכער דיכטער פון דער געגענוואַרט וואָלט אים שטאַנד געווען צו שילדערן שעהנער דאָס קומען פון דעם פריהלינג, ווי דער משורר פון שיר השירים האָט דאָס געטהון:

„דען זעה, דער ווינטער איז פערשוואונדען, דער רעגען איז פערביי אַוועקגעגאַנגען. די בלומען האָבען זיך בעוויזען אויף דער ערד, די צייט פון געזאַנג איז געקומען און דאָס קול פון דער טורטעל-טויב הערט זיך אין לאַנד. דער פייגען בוים האָט אַרויסגעשפּראָצט זיינע גרינע פייגען, און די וויינשטאָקס מיט די טרויבען פערשפרייטען אַ געשמאַקען ריח, שטעה אויף און קום מיין פיעל געליעבטע, מיין טהייערע קום אַהער". (ק. 2 ז. 11—14).

„ווער איז זי, וואָס ערשיינט ווי די מאָרגען רויטקייט, שעהן ווי די לבנה, קלאָהר ווי די זונן". (ק. 6 ז. 10).

אונז אַלע זיינען גוט בעקאַנט די מזמורים מיט זייער בילדער-רייכער שפראַך, טהיילווייז זיינען זיי אונז זאָגאַר זעהר בעליבט. נאָך אַנדערע נאַטור פריינדליכע פראַגמענטען (שטיקלאַך) געפינען זיך אין דעם אַלטען טעסטאַמענט. אָבער מיט דאָס קריסטענטהום, ווי די קירכע לעהרענט עס און ווי ס'איז בעגריפען געוואָרען פאַר די לעצטע אַנדערהאַלבען טויזענד יאָהר, איז ענטשטאַנען די פעראַכטונג פון דער וועלט און פון דער נאַטור.

ס'איז ניט אונזער אויפגאַבע צו צייגען, וועלכע ס'איז געוועזען די ווירקליכע לעהרע פון דעם חכם פון נוצרת. די מיינונגען וועגען איהר זיינען היינט צו טאָג זעהר פערשיעדען. קיין איינציגער פון די פיער עוואַנגעליומס זיינען ניט פערפאַסט געוואָרען אין דער צייט

פון ישו, זאָנדערן זיי שטיצען זיך אַלע נאָר אויף טראַדיציאָן *). ס'איז אויך ניט אונזער אויפגאַבע צו ערקלעהרען ווי ס'איז געקומען דערצו, דאָס די לעהרע פון נוצרת האָט געקענט בעקומען אַזאַ בעדייטונג אין דער ענטוויקלונגס געשיכטע פון דער מענשהייט, ווי דאָס איז אין דער ווירקליכקייט געשעהן.

מיר ווילען נאָר אָנווייזען דערויף, אַז מיט דער ענטשטעהונג פון דאָס זאָגענאַנטע „קריסטענטהום", אַלס אַ רעליגיאָנס לעהרע, האָט זיך פערשפּרייט אַ בעדויערליכע פּעראַכטונג צו אַלע ווירקליכע געגענשטענדע, און דאָס אַבזאָגענזיך פון די תענוגים פון דער וועלט איז ערהויבען געוואָרען אַלס אַ רפואה געגען אַלע צרות און ליידען. אין דעם ערשטען יאָהרהונדערט פון דער קריסטליכער צייט־רעכנונג האָבען זיך די קריסטען אַבגעזאָגט פון יעדער פרייד פון דער וועלט און פון יעדען גענוס פון דער נאַטור; זיי זיינען געווען די אָרימסטע פון דעם פאָלק, אין רוים זיינען זיי געווען די שקלאַפען, און איבעראַל — פּראָלעטאַריער, בעזיצלאָזע מענשען, וועלכע האָבען דאָ אויף דער וועלט גאָר ניט געקענט האָבען און געניסען; אַט דערפאַר האָבען זיי מיט גרויס פרייד אַלע זייערע האָפנונגען

---

*) דאָס עוואַנגעליום וועגען יוחנן, מאַ־קוס, איז דאָס עלטעסטע, ס'איז דאָס אייניציגע, וואָס איז פערפאַסט אין דעם ערשטען יאָהרהונדערט פון דער קריסטליכער צייט רעכנונג. ס'איז אָבער אויך פערפאַסט מיט 70 אָדער 80 יאָהר נאָך ישו'ן.

ס'איז אין דער לעצטער צייט אויך בעוויזען געוואָרען, אַז דאָס געהיימניספאָלסטע פון אַלע קריסטליכע ביכער, יוחנן'ס ענטפלעקונג, דאָס עלטעסטע און פאָלגליך אויך דאָס ווערטהפולסטע פון אַלע שריפטען, וועלכע זיינען פערבליבען פון ישו'ס צייט, איז פערפאַסט צווישען יוני 67 און יאַנואַר 68 נאָך ישו'ן. און דער שריפט איז נאָך קיין רעדע ניט פון קיין דריי אייניגקייט. דער פערפאַסער פון דער שריפט בעטראַכט פאַר זיינע גלויבענס ברידער קיינע אַנדערע, ווי נאָר די יודען. ס'איז קלאָהר דערפון, אַז דאָס ערשטע קריסטענטהום איז געווען גאָר עפּעס אַנדערש ווי דאָס שפּעטערע קריסטענטהום, וועלכעס איז געוואָרען אַ וועלט רעליגיאָן. ישו פון נוצרת וואָלט היינט צו טאָג בשום אופן ניט אַנערקענט געוואָרען אַלס אַ קריסט פון די אָרטהאָדאָקסישע קריסטען.

געבויעט נאָר אויף יענער וועלט. די קריסטען פון רוים זיינען געווען א לאַנגע צייט קאָמוניסטען. אַלעם אַרום האָט זיי געצוואונגען דאָס זיי זאָלען זוכען אַ רעטונג אין דאָס איבערנאַטירליכע און אונמעג־ליכע; נאָר אין דעם גלויבען אַליין האָבען זיי געקענט געפינען גליק און פריידען. נאָך וואָס האָבען זיי געדאַרפט האָבען חכמה, נאַטור־ערקענטנים, פילאָזאָפיע און וויסענשאַפט!

טויזענדער מאָל האָט מען געגען די נאַטור פאָרשער בענוצט דעם זאַץ פון דעם אַפּאָסטעל פּאַולוס:

„ווייל זיי האָבען זיך פאר חכמים געהאַלטען זיינען זיי נאַראָנים געוואָרען". (רוימער קאַפּיטעל 1 זאַץ 22).

אַזעלכע ווערטער זיינען זעהר ביליג און זיי זיינען געוואָרען דאָס פערגעניגען פון די יעניגע, וועלכע די נאַטור האָט בעהאַנ־דעלט, ווי אַ שטיפמוטער, בשעת זי האָט זיי געגעבען שכל, אָדער וועלכע האָבען געפונען זייער צושטאַנד גענוג בעקוועם און האָבען קיין נויט ניט געהאַט צו ענטוויקלען ווייטער זייער גייסט, כדי צו ווערען אַליין־דענקענדע וועזענס. ס'איז זיכער, דאָס קיין איינציגער אַנדערער זאַץ פון דער גאַנצער ביבעל האָט ניט אַזוי פיעל גע־שטערט, אין די קריסטליכע לענדער, צו דער ענטוויקלונג פון דער נאַטור ערקענטניס, ווי דער זאַץ פון דעם היידישען אַפּאָסטאָל פּאַולוס.

אַביסעל ווייכער, ווי זיין אַפּאָסטאָל, פּאַולוס, האָט ישו בעצייי־כענט דעם אונווערטה פון דער וויסענשאַפט:

„געבענשט זיינען די אָרימע אין גייסט, דען זייער איז דער רייך פון דעם הימעל". (מתתיה קאַפּיטעל 5 זאַץ 3).

די אָרימע אין גייסט זיינען זעלבסטפערשטענדליך די אונווי־סענדע, (די רעפאָרם טהעאָלאָגען ווילען אַפילו ערקלעהרען, אַז אונ־טער די „אָרימע אין גייסט" פערשטעהט מען די עניו'דיגע, וועלכע זיינען בעוואוסט אויף זייערע שוואַכקייטען און אונפאָלקאָמענהייטען: די אידעאַליסטען, הייסט עס. די אָרטהאָדאָקסישע קירכע און די גלויביגע כעקטען לעהרנען אָבער, אַז אונטער די „אָרימע אין גייסט" פערשטעהט מען די אונוויסענדע און די נאַראָנים).

ווי דער קריסטענטהום פֿון דעם אַפּאָסטאָל פּאַולוס, וועלכער איז דער הערשענדער קריסטענטהום, האט דאָס מענשליכע שטרע־בען איבערגעפֿיהרט פֿון אויף דער וועלט אויף יענער וועלט, ווי דיזער קריסטענטהום האט זיך, אָהנע וועלכען עס איז ריקזיכט ערקלעהרט אַלס פֿיינד פֿון וויסען, ציינט זיך אַרויס קלאָהר און דייטליך פֿון די בריף, וועלכע ווערען דעם אַפּאָסטאָל פּאַולוס צו־געשריבען און פֿון וועלכע איינינע זיינען גאר ניט אָ ר י נ י נ אַ ל:

„אויב איהר וועט לעבען וועגען דעם פֿלייש וועט איהר שטאַר־בען, אָבער אויב איהר וועט דורך דעם גייסט טויטען די האַנד־לונגען פֿון דעם פֿלייש, דאַן וועט איהר לעבען". (רוימער, קאַפּיטעל 8 זאַץ 13).

„דען ס'שטעהט געשריבען: איך וועל צושטערען די חכמה פֿון דעם חכם און וועל מאַכען צו גאָר ניט דעם פֿערשטאַנד פֿון דעם קלוגען". (קארינטה. קאַפּיטעל 1 זאַץ 19).

„וואו זיינען די וועלט הכמים?... האט ניט גאָט געמאַכט צו נאַרישקייט די חכמה פֿון דער וועלט?" (דאָס זעלבע, קאַפּיטעל 1 זאַץ 20).

„דען גאָט האָט אויסערוועהלט דאָס וואָס ס'איז נאַריש פֿאַר דער וועלט, כדי צו צומישען די חכמים". (דאָס זעלבע, קאַפּיטעל 1 זאַץ 27).

„דען די חכמה פֿון דער וועלט איז נאַרישקייט ביי גאָט". (דאָס זעלבע, קאַפּיטעל 3 זאַץ 19).

„דאָס וויסען בלאָזט אויף". (דאָס זעלבע, קאַפּיטעל 8 זאַץ 1).

מיר ערפֿאַהרען גראדע דעם הפך דערפֿון: וויסען בלאָזט ניט אויף, זאָנדערן ס'מאַכט בעשיידען; מחמת מיט וויפֿיעל טיעפֿער מיר דרינגען אַריין אין דער וויסענשאַפֿט, מיט אַזוי פֿיעל ווערט אונז אַלץ קלאָהרער, אַז מיר וויסען נאָך זעהר וועניג, אַז מיר האַלטען נאָך אין אָנפֿאַנג פֿון דער ערקענטנים. די אויפֿגעבלאָזענסטע קעפּ און נשמות געפֿינען מיר גראַדע ביי די געגנער פֿון דער וויסענ־שאַפֿט, וועלכע פֿיהלען זיך בעקוועם אין זייער לאַגע, וועלכע זיינען בערוישט פֿון אַ נאַרישען שטאָלץ און שיטען מיט פֿראַזען פֿון דער

ביבעל, וועלכע שמייכלען זייער אונוויסענהייט. דער גייסטיגער עזות איז גראַדע די ירושה פון די „אָרימע אין גייסט". ס'זיינען פאַראַן אויסנאַהמעם — מיר קענען אַזעלכע אויסנאַהמעם און מיר ליבען זיי מיט דער גאַנצער וואַרימקייט פון אונזערע הערצער — אָבער די אויסנאַהמעם בעווייזען נאָר די רעגעל.

„אונזערע לייכטע ערגע־ניש, וועלכע איז נאָר אויף אַ מאָמענט, שאַפט פאַר אונז אַ הערליכקייט וואָס איז אייביג און וואָס איז פ־על וויכטיגער פון אַלעס. דען מיר (קריסטען) קוקען ניט אויף די זאַכען, וועלכע מען קען זעהן, זאָנרערן אויף די זאַכען, וועלכע מען קען ניט זעהן". (2 קארינטה. קאַפיטעל 4 ז. 17 און 18).

דער ערשטער בריף פון יוחנן ענטהאַלט די דייטליכע ער־קלעהרונג:

„האָב ניט ליעב די וועלט און אויך ניט דאָס וואָס איז דאָ אין דער וועלט". (קאַפיטעל 2 זאַץ 15).

דיא פעראַכטונג פון דער נאַטור און פון דער וועלט איז אַזוי וויט געגאַנגען, דאָס מען האָט זאָגאַר ע־קלעהרט, אַז די פאַמיליע איז אַ צרה, אַ אינסטיטוציאָן, וואָס איז ווערטה פעראַכטעט צו ווע־רען, ווייל זי האָט חיה'שע אינסטיקסען אַלס איהר גרונדלאַגע· דאָס האָט פעראורזאַכט וואָס די רוימיש-קאַטוילישע גלחים הייראַטען ניט.

דער כבוד פון דער פ־וי האָט דורך דעם וועניג וואָס גע־וואונען *).

מיר האָבען נאָר געבראַכט איינינע ביישפיעלע, וועלכע בע־ווייזען ווי דער אַפאָסטאָל און דער גרינדער פון'ם קריסטענטהום האָט פעראַכטעט די וועלט און די נאַטור.

און אָט דיזע רעליגיאָן פון ענטזאַגונג און נאַטור פע־אַכטונג

---

*) די פערנונפטיגע וועלט אַנשויאונג פון דער געגענוואַרט בעטראַכט, פערקעהרט, די פרוי גלייך מיט דעם מאַן, דען די פרוי איז די בעדינגונג פון דער עקזיסטענץ און פון דער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט. אָהן דער פרוי וואָלט די מענשהייט קיין קיום ניט געהאַט.

איז געוואָרען די שטאַאטס רעליגיאָן אין דעם ציוויליזירטען מערב טהייל פון דער וועלט.

אין דער צייט, ווען דאָס וואָרט פון דעם צלם האָט זיך אָנ־געפאַנגען פערשפּרייטען האָבען די גריכען און די רוימער, וועלכע זיינען געוועזען היידישע פעלקער, געהאַט שעהנע אָנפאַנגען פון דער נאַטור וויסענשאַפט.

אַ ר י ס ט אָ ט ע ל ע ס, וועלכער האָט געלעבט פון 384 ביז 322 פאַר קריסטוס, האָט איבערגעלאָזט איינינע נאַטור וויסענ־שאַפטליכע ווערק, צווישען וועלכע איינס, וואָס ענטהאַלט די פון איהם אויפגעשטעלטע סיסטעם פון די וועלטען פון חיות און פלאַנ־צען; דיזע סיסטעם האָט ניט געקענט זיין אויסגעהאַלטען, מחמת די נאַטור ערקענטנים פון אַריסטאָטעלעס'ן ענטשפּרעכט די בילדונג פון זיין צייט, וועלכע איז געוועזען זעהר בעשרענקט און פערמישט מיט קינדישע און אַבערגלויבישע אַנזיכטען. ס'איז אַבער זעהר כאַ־ראַקטעריסטיש, דאָס גראַדע די אַריסטאָטעלישע נאַטור סיסטעם איז בעטראַכט געוואָרען אין די קריסטליכע לענדער אַלס דער גרונד פון דער וויסענשאַפט און זי איז געלעהרענט געוואָרען אין די שוהלען ביז כמעט אין דער לעצטער צייט.

אין יענער אַלטער צייט, מיט 2000 יאָהר צוריק האָבען גרי־כישע און רוימישע פילאָזאָפען דיסקוטירט וועגען די וויכטיגסטע פראַגען, וועלכע קענען זיך בעוועגען אין אַ מענשליכער ברוסט: די פראַגען פון ווערען און פערשווינדען, פון דעם אורשפּרונג און עצם פון אַלע געגענשטענדע, פון גאָט'ס עקזיסטענץ, און פון דער בע־שטימונג פון די מענשען.

אין דער גריכישער און רוימישער לעהרע וועגען גאָט האָט די מענשליכע פאַנטאַזיע געערדט איהר דרייסטעסטע שפּראַך. די צאָהל־רייכע געטער זיינען אַמייסטענס די פּאָעטישע איינקערפּערונג פון די נאַטור קרעפטען, פון די מענשליכע טוגענדען, פעהלער'ען און ליידענשאַפטען. דער גרעסטער גאָט י ו פּ י ט ע ר, אָדער צ ע א ו ס, איז געוועזען דער פערליעבטסטער מאַן, וואָס דער פּאָעטישער מענשענ־מאָרך האָט אַ מאָל אויסגעטראַכט און פערהערליכט אין לעגענדעס און

מעשיות. דער גאַנצער שטאַאט זיינער פון אונטערגעטער אין געטינס, די גאַנצע אָלימפּישע *) געטער מחנה איז ניט געוועז בעסער פון דעם גרויסען גאָט. קנאה און פעראַכטונג, ליעבע און האַס, איי־פערזוכט און פערפאָלגונג, פערגעניגענס-לוסט און תאוה אַלע מענש-ליכע ליידענשאַפטען און נאַרישקייטען, וועלכע מען קען זיך נאָר פאָר־שטעלען האָבען געשפּיעלט צווישען די געטליכע בעוואָהנער פון דעם גריכישען הימעל די זעלבע ראָלע, ווי זיי שפּיעלען אויף דער ערד צווישען די מענשען. אָבער אין דער גאַנצער מיטהאָלאָגיע **) פערנעהמט דאָס שעהנקייט אַ זעהר וויכטיגען פלאַץ. די ווערק וועלכע שטאַמען פון יענער צייט און וועלכע זיינען געפונען געוואָ־רען אין אויסגעגראָבענע חורבות ווערען נאָך איצט בעטראַכט פון יודען, היידען און קריסטען אַלס די שעהנסטע, וואָס קונסט-פעהיגע הענד פון מענשען, האָבען ווען עס איז געשאַפען.

ס'איז ניט דאָ דאָס פלאַץ צו צייגען ווי די אַלע גריכישע און רוימישע הערליכקייטען, ווי די שעהנע אָנפאַנגען פון דער נאַטור וויסענשאַפטליכער ערקענטניס, ווי די ווערק פון קונסט און פּאָעזיע זיינען בעגראָבען געוואָרען פון דעם גאַנג פון דער וועלט געשיכטע, אין חורבות, צוזאַמען מיט דעם רוימישען רייך. דאָס רייך פון די רוימער וואָלט אַפילו אָהן דעם קריסטענטהום צופאַלען געוואָרען, דורך אַזעלכע אורזאַכען, וועלכע צושטערען נאָך היינט צו טאָג מלוכות און נאַציאָנען.

ס'קען אויך ניט זיין אונזער אויפגאַבע צו געבען אַ בילד פון דעם ענטוויקלונגס גאַנג פון דער געשיכטע ביז צו יענער צייט ווען קריסטענטהום איז געוואָרען די הערשענדע רעליגיאָן. מיר ווילען אָבער זאָגען, אַז זינט דאָס קריסטענטהום האָט געזיעגט האָט אָנ־געפאַנגען הערשען דער פאַנאַטיזם פון דער אונוויסענהייט. ער איז געוואָרען דער אידעאַל פון די קירכענלעהרער און גלחים. דער קירכענלעהרער עאוסעביוס אוים דעם פיער־טען יאָהרהונדערט האָט אויסדריקליך געשריבען:

*) אָלימפּ, דאָס וואָהן-אָרט פון די גריכישע געטער.

**) מיטהאָלאָגיע, געטער-געשיכטע.

„מיר שעצען ניט די וויסענשאַפט, ניט אוים אונוויסענהייט, זאָנ־דערן אוים פֿעראַכטונג צו איהר נוצלאָזער אַרבייט; מיר ווילען אונזערע נשמות ווענדען צו בעסערע זאַכען".

אין יאָהר 391 נאָך קריסט איז פֿערברענט געוואָרען פֿון פֿאַ־נאַטישע קריסטען אונטער דער פֿיהרונג פֿון דעם אַרצביש אָף טהעאָפֿילאָס, די בעריהמטעסטע פֿון אַלע וועלט ביבליאָטעקען פֿון יענער צייט, די גרויסע ביכער זאַמלונג פֿון אַלעקסאַנדריאַ, וועלכע האָט געציילט 700 טויזענד בענדער, געשריבען אויף פּאַר־מעט. צו יענער צייט האָט געלעבט היפּאַטהיאַ, אַ גריכישע פֿרוי, וועלכע איז געווען בעריהמט דורך איהר שעהנקייט, זיטען־ריינקייט און געלעהרטזאַמקייט. זי איז געפֿאָהרען נאָך אַטהען, אין גריכענלאַנד. צו שטודירען פֿילאָזאָפֿיע און ווען זי איז צוריקגעקומען נאָך אַלעקסאַנדריאַ האָט זי געלעהרענט מיט אַנדערע די פֿילאָזאָפֿיע פֿון אַריסטאָטעלעס און פֿון אַנדערע פֿילאָזאָפֿען. אין אַ אויפֿשטאַנד, וואָס איז צו יענער צייט פֿאָרגעקומען, האָט דער פּאַטריאַרך צורילוס געשטעלט די אויפֿגערעגטע קריסטען ערמאָרדען אויף אַ גרויזאַמען אופֿן די געלעהרענטע פֿרוי.

אָט אזוי האָט זיך פֿערשפּרייט אַלץ מעהר און מעהר די שוואַרצע וואָלקען פֿון דער גייסטיגער פֿינסטערניש איבער דער וועלט. די שטיקלאַך אָריענטאַלישע און גריכישע וויסענשאַפֿטען, וועלכע זיינען געראַטעוועט געוואָרען פֿון דעם פֿאַנאַטיזם פֿון די קריסטען זיינען שפּעטער צוזאַמענגעקליבען געוואָרען פֿון די מחמעדאַנישע אַראַבער.

מחמעד אַליין, וועלכער האָט זיך פֿיעל געשטיצט אויף דעם יודישען געזעצגעבער און פֿיהרער משה — דאָס האָט איהם אָפּילו ניט פֿערהינדערט צו לאָזען אַראָבנעהמען די קעפּ פֿון די יודען, וועלכע האָבען געוואַגט זייער אַני מאַמין'ם צו קריטיקירען — איז גראַדע געווען אַ פֿריינד פֿון חכמה. ער האָט ערקלעהרט, אַזוי ווערט בעהויפּטעט, אַז דאָס טינט פֿון די געלעהרטע איז הייליגער ווי דאָס בלוט פֿון די מאַרטירער און דאָס בעסטע פֿון גאָטס

שאַפֿונג איז די פֿערנונפֿט *) (מיט מעהרערע יאָהרהונדערט שפּעטער האָט דער רעפֿאָרמאַטאָר לוטהער גערופֿען די זעלבע פֿערנונפֿט „דאָס בעסטע פֿון גאָטס שעפֿפֿונג" מיט אַזאַ נאָמען, וואָס קיין אַנשטענדיגער מענש וועט ניט איבער'חזר'ן אין דער אַנוועזענהייט פֿון פֿרויען און קינדער).

וועהרענד אונטער דער הערשאַפֿט פֿון די מחמעדאַנישע אַראַבער האָבען די שוהלען פֿון די געלעהרטע אַזוי אויפֿגעבליהעט, ווי קיין מאָל ניט בעפֿאָר און קיין מאָל ניט נאַכהער, האָבען זיך ברייט פֿאַנאַנדער געשפּרייט אין די אַנדערע לענדער פֿון אייראָפּאַ, וואו דער קריסטענטהום האָט געהערשט, די שאָטענס פֿון אונוויסענהייט און ווייסענס פֿעראַכטונג.

ס'ווערט פֿון איינינע בעהויפּטעט, אַז די מאָנאַסטירס זיינען געוועזען פֿריינדליך צו'ם וויסען און זיי האָבען געהאָלפֿען ענטוויקלען די קולטור; דאָס איז אַ פֿעהלער, וועניגסטענס איז דאָס איבערטריבען; דאָס צייגט זיך אַרויס פֿון דער טהאַטזאַך אַז אין פֿיעלע מאָנאַסטירס פֿון פֿיעלע לענדער האָט זיך אַפֿילו ניט געפֿונען קיין שרייבגעצייג. ווען דער בעריהמטער דיכטער פּעטראַרקאָ (1304—1374) איז געקומען אין ליטיך וואו ער האָט געפֿינען ציצעראָ'ס רעדע, און האָט ערקלעהרט, אַז ער וויל זיי איבערשרייבען, האָט זיך אין די פֿיעלע מאָנאַסטירס, וועלכע זיינען דאָרט געוועזען, ניט געפֿונען קיין טראָפּען טינט.

האַלטענדיג אין אָנבעטראַכט אַזעלכע צושטענדע דאַרף עס גאָר ניט וואונדערן, וואָס אויף די גרויסע קירכען פֿערזאַמלונגען אין טאור (1163) און אין פּאַריז (1231) איז פֿערבאָטען געוואָרען „דאָס זינדהאַפֿטע לעזען פֿון פֿיזיקאַלישע שריפֿטען".

דער פּויפּסט באָניפֿאַץ דער אַכטער, וועלכער איז געשטאָרבען אין 1303, דער געניאַלער ערפֿינדער פֿון דעם „יובל יאָהר",

*) ס'דאַרף אָבער ניט פֿערשוויגען ווערען, אַז מחמעד אַליין איז אין פֿיעלע אַנגעלעגענהייטען געוועזען שרעקליך אונוויסענד. אַזוי צום ביישפּיעל האָט ער גערעכענט מרים משה'ס שוועסטער און מרים ישו'ס מוטער פֿאַר איינע און די זעלבע פּערזאָן.

וועלכעס האָט די פינאַנצען פון די פויפּסטע גערעטעט פון אַלע צרות, האָט ביי זיין לעבען פערבאָטען די דאָקטוירים צו צערגליִדערען אַ טויטען קערפּער פון אַ מענשען. אַלס אורזאַך האָט ער אָנגעגעבען, אַז די צושניטענע מתים וועלען ניט קענען אויפשטעהען קיין תחית המתים. אַלץ דורך זעלבער אורזאַך האָט דער פויפּסט לעאָן דער דרייצעהנטער פערבאָטען זיינע גלויביגע צו הייסען זיך פערברענען נאָך דעם טויט.

אין יאָהר 1837 האָט דער פויפּסט יאָהאַן דער צוויי און צוואַנציגסטער פערבאָטען דאָס שטודירען די כעמיע. ווער ס'האָט זיך, טראָץ דעם פערבאָט, בעשעפטיגט מיט דער בעטראַכטונג פון נאַטירליכע געגענשטענדע און האָט נאָכגעדענקט וועגען דער וועלט וועלכע מען קען זעהן און בעגרייפען, איז פערפאָלגט געוואָרען ענטוועדער אַלס קעצער, אַלס אונגלויביגער, אָדער אַלס מכשף, וועלכער שטעהט אין פערבינדונג מיט שדים און רוחות; אין יעדען פאַל האָט כען געטריבט זיין לעבען און איהם איבערגעגעבען צום טויט. די פאַנאַטישע פערפאָלגונג, וואָס איז אָנגעפיהרט געוואָרען סיסטעמאַטיש פון די פערוואַלטער פון די קירכען, יאָהרהונדערטע לאַנג, געגען דער שטרעבונג נאָך וויסען און ערקענטניס, האָט געבראַכט אַנ'אַלגעמיינע גייסטעס-קראַנקהייט, וואָס האָט זיך פערשפּרייט ביי אַלע קריסטליכע פעלקער און וועלכע האָט געקאָסט דאָס לעבען פון טויזענדער אונשולדיגע מענשען קרבנות. מיר מיינען דעם גלויבען אין די כשוף מאַכער און די פערפאָלגונגען געגען זיי. מיר וועלען ברייגען איינינע ביישפּיעלע פון די גרויזאַמקייטען, וואָס זיינען בעגאַנגען געוואָרען. אין 1659 האָט מען אין באַמבערג 120 און אין טריער 6500 מענשען לעבעדיג פערברענט. אין 1652 האָט מען אין לוצערן געפּייניגט אויף אַ שרעקליכען אופן אַנ'אַלטע פרוי פון 85 יאָהר און נאָך דעם וואָס מען האָט ביי איהר ארויסגעפּרעסט אַ ערקלעהרונג, דורך וועלכער זי האָט זיך מודה געווען, אַז זי איז „שולדיג”, אין וואָס, האָט זי אַליין ניט געוואוסט, זי האָט איהר פערשטאַנד פערלוירען, האָט מען זי פערברענט לעבעדיגערהייט. פון דעם לוצערנער שטאָדראַטה, פון דעם זעלבען יאָהר, איז פערבליבען פאָלגענדער פּראָטאָקאָל:

„אַ קליין מיידעלע פון 11 יאָהר, פאַר מאַכען פייגעל, איז, אַזוי ווי ס'איז ניט געווען קיין האָפנונג אויף פערבעסערונג, דער־שטיקט געוואָרען אין תפיסה, אָהן אַ שום אורטהייל; מען האָט זי נאַכהער אַריינגעריקט אין אַ זאַק און פערברענט".

אין דעם תפיסה בוך פון לוצערן געפינט זיך נאָך אַ פראָטאָקאָל פון 1659, וועלכער לויטעט:

„אַ מענשעלע פון 7 יאָהר אַלט, מיט דעם נאָמען קאַטרינגלי, איז, מחמת זי האָט געלייקענט אין גאָט, דערוואָרגען געוואָרען אין דער תפיסה צוגעבונדען צו אַ פלאָקען; נאַכהער האָט דאָס הייליגע געריכט זי פערמשפט פערברענט צו ווערען".

ווי ווייט דאָס גאַנצע גייסטיגע לעבען פון די קריסטליכע פעל־קער איז געווען דערטרונקען אין אונוויסענהייט צייגט זיך אַרויס אַם בעסטען דערפון, דאָס זאָגאַר אין די לוטהערישע האָכשוהלען איז די ליבע צו דער נאַטור ערקלעהרט געוואָרען אַלס אַ צייכען פון פערקעהר מיט דעם שטן. אַ דאָקטאָרישע אָבהאַנדלונג פון 1644, וואָס איז פערפאַסט געוואָרען אין דער האָכשוהלע פון טיבינגען, רעכענט אויס אַ רייהע האַנדלונגען, וועלכע ווערען בעצייכענט אַלס „אומגאַנג מיט פערדעכטיגע זאַכען" און צווישען זיי איז אויך פאַראַן דער „אומגאַנג מיט דער נאַטור". אין דער זעלבער אָבהאַנדלונג ווערט ערקלעהרט, אַז דאָס וויסען פון נאַטירליכע ערשיינונגען איז אַזאַ קענטעניס, וואָס פאַסט ניט פאַר קיין קריסטליכען מענשען.

יאַ, יאַ, עס שטעהט געשריבען:

„איך וועל צושטערען די חכמה פון דעם חכם און וועל מאַכען צו גאָר ניט דעם פערשטאַנד פון קלוגען".

אָט וועגען דעם, כדי דאָס אויסצופיהרען, האָט מען אָנגעצונדען הונדערט טויזענדער שייטערהויפענס, דאָס נאָך איצט פיהלט זיך דער ריח פון די פערברענטע קרבנות אין די טהאָלען צווישען די בערג.

וואָלטען די קירכען פעטער און די בישאָפס ניט ערקלעהרט, אַז די איבערליפערונגען פון דעם אַלטען טעסטאַמענט זיינען געט־ליכע ענטפלעקונגען, וואָלטען די זעלבע לעהרער פון דער קריסט־

ליבער קירכע ניט געווען צוזאַמענגעקליבען אַנדערע שריפטען, וועלכע זיינען פערפאַסט געוואָרען ערשט אַ לאַנגע צייט נאָך ישו'ס טויט און וועלכע זיי האָבען איינגעאָרדענט און „אויסגעבעסערט" לויט ווי ס'האָט זיי געפּאַסט און זיי געגעבען דער וועלט אַלס אַ נייעם טעסטאַמענט — וואָלטען מיר ניט געווען אויפגעטרעטעלט אַט די אַלע דערמאָהנטע גרונדלאַגען פון זייער לעהרע.

---

אין איהר וועלט אַנשויאונג שטיצט זיך די קריסטליכע קירכע דורכאויס אויף משה'ס בעשאַפונגס געשיכטע: נאָך דער געשיכטע נאָך שטעהט די ערד אין מיטען פון דעם וועלט רוים און זי איז דער וויכטיגסטער פון אַלע וועלט קערפער. לויט יענער פאַלשער בעהויפטונג וואָס שטיצט זיך בלויז אויף גלויבען דרעהען זיך אַרום דער ערד די זונן, די לבנה און די שטערן. אין דער וויסענשאַפט רופט מען דיזען טעות: דער געאָצענטרישער.

דאָס פּטאָלעמעאישע *) וועלט סיסטעם איז געווען צוגעפּאַסט צו דער ביבלישער טראַדיציאָן. די קירכע פעטער האָבען עס דערפאַר אנערקענט פאַר ריכטיג און ס'האָט זיך, מיט זייער הילף, אויפגעהאַלטען אין די מערב לענדער גאַנצע 1400 יאָהר אַלס די איינציגע ריכטיגע אַסטראָנאָמישע לעהרע. דיזעס סיסטעם האָט איינגעטהיילט דעם הימעל אין עלף ספערעס (קרייזען), אין וועלכע די זונן די לבנה און די שטערען בעוועגען זיך אַרום דער ערד **)

*) פּטאָלעמעאוס בעריהמטער גריכישער אַסטראָנאָם, געאָגראַף און מאַטעמאַטיקער, האָט געלעבט אין צווייטען יאָהרהונדערט פון דער קריסטליכער צייט־רעכנונג. זיין אַסטראָנאָמישע סיסטעמע איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען דאָס „פּטאָלאָמעאישע".

**) דער אויבערשטער פון דיזע עלף קרייזען, דער זאָגענאַנטער פּרימום מאָבילע (ערשטע בעוועגונג) האָט דעם צוועק צו בעוועגען אַרום דער ערד, יעדען טאָג, די איבעריגע קרייזען פון מזרח נאָך מערב.

אין תלמוד ווערט גערעדט וועגען זיבען הימלען: וילון, רקיע, שחקים, זבול, מעון, מכון, ערבות. (חגיגה י"ב ע"ב). פון איין הימעל צום צווייטען איז אזוי ווייט, דאָס מען וואָלט בעדאַרפט געהן 500 יאָהר, כדי דורכצושפּרייזען די שטרעקע. אַחוץ דעם איז יעדער הימעל אַליין אזוי דיק ווי ווייט

איבער די עלף קרייזען, האבען די גלויביגע קריסטען געדענקט, געפינט זיך דער הימעל פאַר די הייליגע, דאָס וואָהן-אָרט פון גאָט און דער רייך פון זיינע הימלישע אַרמייען: מלאכים. מען רופט דיזען טהייל פון דער וועלט דער עמפירעאום (דער העכסטער הימעל).

ווען מיר דענקען איצט צו דיזער קינדערישער אַנשויאונג, דער־מאָהנען מיר זיך אין אונזער אייגענער קינדהייט, מיט אַלע איהרע פאַנטאַזיעס און חלומות, וועלכע שוועבען דורך פאַר אונזער גייסט און רופען אַרויס אַ שמייכעל אויף אונזערע ליפען. וויפיעל מאָל האָט זיך ניט געטראָפען, וועלכען ס'איז פון אונז, ווען מיר זיינען געווען קינדער, זיך אַוועקצוזעצען ביי דעם פערפרוירענעם פענסטער, בשעת ס'פלעגט האַלטען ביים נאַכט ווערען, און צו זוכען מיט דעם וואַרימען אָטהעם צוצושמעלצען די אייז פיגורען פון אויף די שויבען, כדי צו פערזינקען אונזערע קינדערישע בליקען אין דער פונקעלדיגער שטערן וועלט פון איבער די גלאַנציגע שנעע פעלדער. דער קלאָהרער הימעל איז פאַר אונז דעמאָלט ערשיענען אַלס אַ רונדער קופעל, וועלכענס ווענט זיינען בעדעקט מיט אַ הימעל־בלויעם טוך און זיינע ברעגעס שפאַרען זיך אָן אויף דער ערד. אין דעם רונדען קופעל זיינען געווען אונצייהלבאַרע גרעסערע און קליי־נערע לעכער, דורך וועלכע ס'האָט דורכגעזעצט דאָס ליכט פון דער הימלישער הערליכקייט, צו בעלויכטען די ערד, כדי מיר זאָלען אויך האָבען אַ בעגריף פון דעם גלענצענדען פראַכט און ערהאַבענעם

---

ס'איז פון איין הימעל צו אַ צווייטען. ס'הייסט, אַז צו געהן פון דער אונ־טערשטער אָבערפלעכע פון איין הימעל ביז צו דער אונטערשטער אָבערפלעכע פון דעם צווייטען הימעל וואָלט געדויערט 1000 יאָהר.

מחמעד האָט די לעהרע וועגען די זיבען הימלען גע'גנב'ט פון דעם תלמוד.

ווי ס'איז צו זעהן רעדען יודען, קריסטען און מאַהמעדאַנער פון פער־שיעדענע ספערעס אָדער הימלען, וועלכע ליגען ווי שאָלעכצער אַרום דער ערד. דער גלויבען אין די פילע הימלען איז נאָך היינט צו טאָג זעהר שטאַרק פערשפרייט ביים פאָלק. ס'איז אויך דאָ אַ שפריכוואָרט: „אין זיבעטען הימעל“.

פֿרידען, וועלכע פֿילען אָן דעם רוים פֿון די הימלען. אונזער קינדישע פֿאַנטאַזיע האט אין די אונצייהלבאַרע שטערן פֿון דער נאַכט געזעהן בלויז קליינע לעכער דורך וועלכע ס׳שטעהט אין פֿערבינדונג די וואָהנונג פֿון גאָט מיט דער וואָהנונג פֿון די מענשען.

אַלץ אַזוי קינדיש, ווי דיזע פֿאַנטאַזיע, איז געווען די פּטאָלאָמעאישע אויפֿפֿאַסונג, וועלכע האט געהערשט אונגעשטערט, אין די קריסטליכע לענדער, ביז אין 1543.

די געשיכטע פֿון די טעות׳ן, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען, האָט אַם מ׳ינסטענס צו טהון מיט לאַנגע פּעריאָדען: מיט וויפֿיעל גרעסער אַ טעות איז געווען דעסטאָ מעהר האָט מען אין איהם געגלויבט און דעסטאָ לענגער האָט ער געדויערט; דאָס איז דערפֿאַר, מחמת די מענשהייט געהט נאָך אין קינדער שיכעלאַך, און די חלומות און פֿאַנטאַסטישע באָבע מעשיות האָבען נאָך אַ גרויסע ווירקונג אויף די אונוויסענדע נשמות פֿון די מענשען.

אין יאָהר 1543 איז ערשיענען דאָס וועלט-איבערקעהרענדע ווערק פֿון דעם פּוילישען אַסטראָנאָמער קאָפּערניקוס, וועלכער האָט קלאָהר אויסגעדריקט און מיט ווייסענשאַפֿטליכע בעווייזע איבערצייגט די בעהויפּטונג:

אַז די ערד שטעהט ניט אין דעם מיטעלפּונקט פֿון דעם וועלט-רוים, זאָנדערן זי איז אַ פּלאַנעט, וואָס בעוועגט זיך אַרום דער זונן.

די אַסטראָנאָמיע איז געווען די גענויסטע פֿון אַלע וויסענשאַפֿטען, וועלכע האָט געגעבען אַ טויט קלאַפּ דער בעשאַפֿונגס געשיכטע פֿון משה׳ן. די אסטראָנאָמיע האָט אַריינגעקוקט אין דער מעכאַניק פֿון דעם אוניווערזום און זי האָט געבראַכט מאַטהעמאַטישע בעווייזע, דאָס אונזער ערד איז נאָר אַ קליינער וואַנדערשטערן, אַ שטויבעלע פֿון די זונגען, וואָס שווימט אַרום אין דעם וועלט רוים.

איצט ווייסט יעדעס שוהל קינד פֿון צוועלף אָדער פֿיערצעהן

יאָהר, דאָס אונזער ערד דרעהט זיך אַרום איהר אייגענער אַקסע איין מאָל אין יעדע 24 שטונדען. און אין פערלויף פון אַ יאָהר מאַכט זי אַ שפּאַציר אַרום דער זונן; ער ווייסט, אַז די ערד שטעהט פאַר דער זונן גראָדע ווי די אנדערע פּלאַנעטען ווענוס, מאַרס, יופּיטער, סאַטורן און אַנדערע קליינע קערפּער פון דעם הימעל, אין אַ מין דיענענדע, אונטערגעוואָרפענע פערהעלטניסע; ער ווייסט אַז די לבנה איז אַ סאַטעליט פון דער ערד, אַז דער פּלאַנעט יופּיטער האָט עטליכע לבנות, אַז דער פּלאַנעט סאַטורן האָט אַרום זיך אַ סיסטעם פון רינגען און עטליכע לבנות, אַז די מאַטעריע פון יענעם פּלאַנעט איז נאָר זיבען צעהנטעל אַזוי שווער ווי דאָס וואַסער, און אַז דאָס יאָהר פון סאַטורן איז אַזוי גרויס ווי נײַן און צוואַנציג יאָהרען פון דער ערד, און אַזוי ווייטער.

די אַסטראָנאָמיע דרינגט אַריין מיט איהרע אינסטרומענטען אין דער ווייטסטער טיעפקייט פון דעם וועלט-רוים; זי בערעכענט דעם לויף פון די שטערן, וועלכע וואַנדערן; זי זאָגט פאָר מיט יאָהרהונדערטע פריהער אַלע ליקוי חמה'ס און ליקוי לבנה'ס אַזוי גענוי, דאָס עס פעהלט ניט קיין מינוט אַפילו, די ערשיינונגען געשעהן פונקט דעמאָלט ווי ס'איז אויסגערעכענט; זי ערמעגליכט צו וויסען די געוויכט פון די פּלאַנעטען, זי לעגט אַרויף אויף דער וואָגשאָהל פון דער רעכען-קונסט אונזער גאַנצע ערד און דעם פייערדיגען קוגעל פון דער זונן, זי האָט די אונענדערבאַרע געזעצען פון דער נאַטור קלאָהר געמאַכט אין גענויע ציפערן פאַר דעם מענשליכען גייסט; זי איז געווען די ערשטע פון די נאַטור וויסענשאַפטען, וועלכע האָט געבראַכט **דאָס העלע ליכט** פון **ערקענטניס** אויף דעם פּלאַץ פון קינדישע גלויבענס און פאַנטאַסטישע טעות'ן.

דאָס האָט אָבער די קירכע ניט געוואָלט דולדען.

אויס מורא פאַר דיזער אינסטיטוציע, וואָס איז אַזוי פיינדליך צום וויסען, האָט קאָפּערניקוס געלאָזט פערעפענטליכען זיין ווערק ערשט דעמאָלט, ווען ער איז שוין געווען אַלט און האָט ערוואַרטעט דעם טויט, כאָטש ער האָט דאָס ווערק געהאַט געענדיגט נאָך אין

1507. (36 יאָהרען לאַנג האָט קאָפּערניקוס בעהאַלטען זיין ערקענטעניס פאַר זיך אַליין, מחמת ער האָט געוואוסט, דאָס ווען ער וועט דעם אמת עפענטליך ערקלעהרען וועלען איהם די גלויבענס ריטער געבען צו פיהלען דעם טעם פון דעם פּאַלטער).

דער בעריהמטער אַסטראָנאָם איז געשטאָרבען אין דעם זעלבען יאָהר 1543, אין וועלכען זיין ווערק איז פערעפענטליכט געוואָרען זיין נאַטירליכער טויט איז געווען פאַר איהם אַ גרויסע טובה, מחמת די קירכע האָט בעטראַכט זיין לעהרע אַלס אַ שרעקליכע קעצעריי, אַלס אַ געפעהרליכע אפיקורסות. זי האָט דאָך ווידערשפּראָכען אויף אַ ענטשלאָסענער אופן דעם גלויבען אין דעם „ענטפלעקטען אמת“. אַז די קירכע האָט אין אַזעלכע וויסענשאַפטליכע פראַגען ניט פערשטאַנען קיין שפּאַס, האָט זיך גאַנץ דייטליך אַרויסגעצייגט מיט 57 יאָהר שפּעטער, ווען אין 17-טען פעברואַר 1600 איז אין רוים אויפגעהויבען געוואָרען אַ שייטערהויפען, אויף וועלכען מען האָט פערברענט לעבעדיגערהייט אַלס קעצער, אַלס אַפּיקורס, איינעם פון די גרעסטע מענשען און געלעהרטע פון יענער צייט, דעם בעריהמטען ז ש י אָ ר ד אַ נ אָ ב ר ו נ אָ. דאָס איז געווען אַ גרויסער געלעהרענטער און דיכטער, אַ גרויסער מענש וועלכער האָט געזוכט און אַנערקענט דעם אמת; ער האָט קיין אַנדערע קעצעריי ניט בעגאַנגען, ווי ער האָט אין זיינע ווערק געלויבט קאָפּערניקוס לעהרע און ערקלעהרט, אַז זי האָט אַ פילאָזאָפישען ווערטה.

מיט 90 יאָהר נאָך דער פערעפענטליכונג פון דעם קאָפּערניקאַנישען וועלט סיסטעם האָט די קירכע געשלעפּט פאַר דעם געריכט פון דער אינקוויזיציע אין רוים דעם דעמאָלטדיגען גרויסען פיזיקער און אַסטראָנאָם ג אַ ל י ל ע א ו ס ג אַ ל י ל ע י, און מען האָט איהם געצוואונגען אָבצולייקענען זיינע וויסענשאַפטליכע איבערצייגונגען פאַר גלחים, קאַרדינאַלען און אינקוויזיציאָנס ריכטער, וועלכע האָבען פילייכט ניט פערשטאַנען צו רעכענען אַפילו מיט צעהנדליגע. די אונוויסענדע האָבען געהאַט די אָבערמאַכט און זיי האָבען גאַנץ גוט פערשטאַנען ווי צו געברויכען די מאַכט פאַר זייערע נוצען.



דער וויסענשאַפטליכער אמת איז אָבער מעכטיגער אַלס דער אונוויסענדער גלויבען און סוף כל סוף, נאָך צוויי יאָהרהונדערטע פון קאַמפף, האָט דאָך קאָפערניקוס געזיעגט איבער משה'ן, אַזוי דאָס איצט לעהרענט מען מיט די קינדער, אַפילו אין די קריסט־ליכע שוהלען, אָט יענעם אמת, פאַר וועלכען זשיאָרדאַנאָ ברונאָ איז פון די גלויביגע פערברענט געוואָרען.

די קירכע האָט זיך צוגעפּאַסט אַביסעל צו די בעדינגונגען, וואָס דער זיעג פון דעם קאָפערניקאַנישען אמת האָט געשאַפען. זי איז, ווי די ערפאַהרונג לעהרענט אונז, ניט אונטערגעגאַנגען. זי איז דאָך געבליבען אַ געגנערין פון דער פאָרטשריט פון די נאַטור וויסענשאַפטען, זי האָט געזוכט דאָס וויסען וואָס מעהר צו בע־שרענקען, און האָט געוואָלט האַלטען פריי דאָס ברייטע פעלד פון אונוויסענהייט נאָר פאַר דעם גלויבען. דאָס האָט גאָר ניט בייגע־טראָגען צו איהר כבוד און אויב זי וועט זיך אויך אין דער צוקונפט ניט ענדערען, דאַן וועט פאַר איהר ווערען זעהר שלעכט.

ס'איז ניט אונזער אויפגאַבע צו שילדערן די ענטוויקלונג פון דער נאַטור וויסענשאַפטליכער ערקענטניס אין דעם פאָריגע יאָהר־הונדערטע. די ערפינדונג פון דער בוך דרוק-קונסט, די ענטדעקונג פון אַמעריקאַ, די רעפאָרמאַציאָן, דאָס ווידער שטודירען די קלאַ־סישע ליטעראַטורען, און דאָס שטרעבען נאָך דאָס פילאָזאָפישע דענקען, וואָס ווערט אַלץ מעכטיגער פון טאָג צו טאָג — אָט דאָס אַלעס און אַנדערע אורזאַכען האָבען סוף כל סוף געפיהרט דערצו אז דאָס מענשליכע ערקענטניס זאָל זיך אָנפאַנגען בעשעפטיגען פיעל מעהרער, ווי בעפאָר, מיט דעם אַלגעמיינעם פעלד פון די נאַטור געשעהענישע, כדי צו לעהרנען צו פערשטעהען די וועלט פון ווירקליכקייט, די ממשות'דיגע וועלט, וועלכע מיר קענען אויפ־נעהמען מיט אונזערע חושים.

דיזע טיפע פאָרשונג אין'ם רייך פון דער נאַטור, וואָס איז ביז דאָ ניט לאַנג צוריק פערנאַכטעט געוואָרען, האָט נאָך אין 18-טען יאָהרהונדערט געמאַכט אַן אָנפאַנג, וואָס האָט פיעל פערשפּראָכען. די נאַטור וויסענשאַפטען האָבען שוין דעמאָלט אָנגעפאַנגען צו

ווערען אַ מאַכט, זיי זיינען אָבער נאָך אַ לאַנגע צייט, ביז וויט אַריין אין דעם 19-טען יאָהרהונדערט פערפאָלגט און בעשרענקט געוואָרען פון די פאַראורטהיילע פון דעם גלויבען אין אָנפאַנג פון דעם 19-טען יאָהרהונדערט, וועלכעס ווערט גערופען דאָס יאָהר-הונדערט פון דער נאַטור וויסענשאַפטליכער אויפקלעהרונג, האָט לאַמאַרק מיט זיין לעהרע וועגען דער אָבשטאַמונג פון די מינים זעהר ווייניגע אַנהענגער געפונען; דאָס איז געשעהן דורך די רעליגיעזע פאַראורטהיילע, אָבער אויך דורך דעם מחמת די לעהרע פון דעם פראַנצויזישען פאָרשער, וואָס ער האָט פערעפענטליכט אין זיין ווערק די „פילאָזאָפישע זאָאָלאָגיע״ אין 1909, איז געווען זעהר שוואַך בעגרינדעט.

אין יאָהר 1830, אין דער צייט פון דער יולי רעוואָלוציאָן אין פאַריז, זיינען געשטאַנען אין דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע פון וויסענשאַפטען איינע געגען די צווייטע, אַלס שאַרפע שונאים, דער גלויבען אין דעם ענטפלעקטען אמת און די פערנונפט, און זיי האָבען געפיהרט אַ ענטשלאָסענעם קאַמפף. אויף איין זייט איז געשטאַנען קוּאוויע, אַנ'אָנהענגער פון משה'ס געשיכטע וועגען מבול, ער האָט זאָגאַר בעהויפטעט, אַז עס איז ניט געווען נאָר איין מבול, זאָנדערן מעהרערע, און אויף דער צווייטער זייט איז געשטאַנען זשעאָפראָי סט. הילער, וועלכער האָט בעקעמפפט דיזען גלויבען. דער שטרייט האָט געהאַט אַ גרויסע בעדייטונג. די געלעהרטע און די פרעסע האָבען זיך מיט איהם פיעל בעשעפטיגט. די פראַנצויזישע אַקאַדעמיע האָט דעמאָלט נאָך געפאַסט אַ בעשלוס צו גונסטען דער אַלטער לעהרע; דאָס איז אָבער געוויזען דער לעצטער זיעג, וואָס די מאָזאאישע טראַדיציאָן האָט געהאַט אין אַ קערפערשאַפט פון נאַטור-וויסענשאַפטליך געבילדעטע און געלעהרטע לייט.

אין דעם זעלבען יאָהר — אין יוני 1830 — איז ערשיענען די ערשטע אויפלאַגע פון דעם בעריהמטען ענגלישען ווערק, „די גרונד פרינציפען פון דער געאָלאָגיע״, פון טשאַרלס לייעל, אין וועלכען עס איז אויף אַ זעהר קלאָהרען

אופן בעוויזען געוואָרען, דאָס ס'איז ניט געוועזען קיין מבול אין דעם זין ווי משה האָט בעהויפטעט, און מעהרערע מבול'ס אודאי ניט, זאָנדערן אין די פערשיעדענע געאָלאָגישע פעריאָדען איז אָנגעגאַנגען אַ שטענדיגע, אַלץ פאָרווערטס און פאָרווערטס געהענדע ענטוויקלונג פון דעם אָרגאַנישען לעבען.

דיזער בוך איז אין צעהן יאָהר צייט, פון 1830 ביז 1840, ערשיענען אין זעקס אויפלאַגען, אַלע אין דער ענגלישער שפּראַך, און האָט געהאַט זעהר אַ גרויסען איינפלוס אויף דער וויטערדיגער ענטוויקלונג פון דער געאָלאָגיע. מען האָט אַנערקענט, אַז די ערד־רינדע האָט אַ נאַטירליכע ענטוויקלונגס געשיכטע, אַז אין דער פערגאַנגענהייט זיינען געוועזען טהעטיג די זעלבע קרעפטען, וועלכע זיינען נאָך היינט צו טאָג טהעטיג אין דער נאַטור; די וויסענשאַפט האָט ניט נייטיג צו זוכען „וואונדער”, כדי זיך צו ערקלעהרען די ערשיינונגען פון אויף דער ערד, פערקעהרט, אַלעס פון דער פערגאַנגענהייט און פון דער געגענוואַרט קען ערקלעהרט ווערען נאָר דורך דער טהעטיגקייט און דורך דער ווירקונג פון די בעקאַנטע נאַטור קרעפטען.

אין דער צייט האָבען זיך פערמעהרט אין דעם לאַגער פון די נאַטור פאָרשער אַזעלכע שטימען, וועלכע האָבען מעהר אָדער וועניגער דייטליך אויסגעדריקט דעם אָבשטאַמונגס געדאַנק. ס'איז דורך דעם קיין גרויסער ליאַרעם ניט ענטשטאַנען, ווייל די קירכע איז געוועזען אויף אַזוי פיעל קלוג איינצוזעהן, אַז ס'איז פאַר איהר ניט פאַראַנען קיין געפאַהר, כל זמן די אפּיקורסישע געדאַנקען ווערען נאָר אויסגעדריקט צווישען געלעהרטע און דאָס פאָלק געהט זיך שטילשווייגענד אויף דעם וועג פון גלויבען.



# דאַרווין און זיין צייט.

דיא אָבשטאַמונגס אידעע, וועלכע איז איבערגעטרעטען די שוועל פֿון דעם בעוואוסטזיין, נאַך מיט טויזענדער יאָהרען צוריק, ביי די אַלטע גריכישע פֿילאָזאָפֿען, און איז דאַן אויפֿגעטרעסעלט געוואָרען פֿון שלאָף אין יאָהר 1809 פֿון דעם פֿראַנצויזישען געלעהרטע לאַמאַרק, וועלכער האָט זי דאָך ניט געקענט ריכטיג אויפֿוועקען: אָט דיזער גרויסער געדאַנק האָט ניט געקענט מעהר רוהען. ער האָט געבליצט אויף דעם גייסטעס האָריזאָנט פֿון דער צייט, באַלד דאָ, באַלד דאָרט, נאָר ער האָט נאָך ניט אויסגעזעצט אין אַ קנאַלענדען דונער. דער שטורם איז דאָך געלעגען אין דער לופֿט, און ער האָט געקענט יעדע רגע אויסברעכען; ער האָט ווירקליך אויסגעבראָכען אין כוף יאָהר 1859, ווען ס'איז ערשיענען דאָס וויכטיגסטע ווערק פֿון טשאַרלס דאַרווין.

דיזעס ווערק, „איבער דער ענטשטעהונג פֿון די מינים דורך נאַטירליכען אויסוואַהל אָדער די ערהאַלטונג פֿון די בעגינסטיגטע ראַסען אין דעם קאַמפף אום דאָס דאַזיין", ענטהאַלט די געדאַנקען און די פֿאָרשונגס אַרבייט פֿון צוויי און צוואַנציג יאָהר. די פֿערעפֿענטליכונג פֿון דעם ווערק איז געוועזען אַ וועלטגעשיכטליכע טהאַט, וואָס האָט געהאַט אַזאַ גרויסע בעדייטונג, ווי די פֿערעפֿענטליכונג פֿון קאָפּערניקוס'ס ווערק.

אין דער ווירקליכקייט איז דאַרווין, ווי דובאָ-ריימאָנד, אַ פּרעזידענט פֿון דער בערלינער אַקאַדעמיע, האָט איהם גערופֿען, דער קאָפּערניקוס פֿון דער אָרגאַנישער וועלט (פֿון דער וועלט פֿון לעבעדיגע בעשעפֿענישע).

אַז דאָס העכערע שטאַמט אָב פֿון דעם נידעריגערען, אַז דאָס פֿאָלקאָמענערע איז אַרויסגעקומען פֿון עפּעס וואָס איז געוועזען ווע-ניגער פֿאָלקאָמען, דאָס האָבען אייניגע דענקער און פֿאָרשער

אַרויסגעזאָגט נאָך בעפֿאָר דאַרווינ'ן; דער אָבשטאַמונגס אמת האָט אָבער ערשט געקענט האָבען אַ בעלעבענדע און בעגייסטערענדעווירקונג, דעמאָלט, ווען ער איז בעגלייט געוואָרען פֿון אַ זשעני־אַלער טהעאָריע, וועלכע האט ערקלעהרט די אַרט און וויזע, דעם „ווי" פֿון דער ענטוויקלונג. מען קען ריכטיג זאָגען, אַז די דאַר־ווינ'ישע אויסוואַהל לעהרע איז די גאָלדענע פֿייס, אין וועלכע דער גרויסער דיאַמאַנט, דער אָבשטאַמונגס-אמת איז איינגעפֿאַסט. אָבער גראַדע דורך דער גלענצענדער איינפֿאַסונג אין דעם עכטען גאָלד פֿון דער וויסענשאַפֿטליכער אַרגומענטאַציאָן און פֿון די וויסענ־שאַפֿטליכע בעווייזע, איז מעגליך געוואָרען ריכטיג אָבצושעצען דעם ווערטה פֿון יענעם פרעכטיגען עדעלשטיין.

דאַרווינ'ס בוך איז ערשיענען אין אַ פֿאָרמיטאַג, אין סוף יאָהר 1859, אין אַבענד פֿון דעם זעלבען טאָג איז די ערשטע אויפֿלאַגע געוועזען אין גאַנצען אויספֿערקויפֿט. ס'ווינען דאַן ערשיענען אויפֿלאַגען נאָך אויפֿלאַגען און דאָס ווערק איז אויך איבערזעצט געוואָרען אין אַלע שפּראַכען פֿון דער ציוויליזירטער וועלט. זיין לעהרע וועגען דער אָבשטאַמונג און ענטוויקלונג פֿון די מינים פּפֿלאַנצען און חיות, וועלכע מען האָט פֿריהער גערעכענט, אַז זיי זיינען אונפֿערענדערליך אויף אייביג, אָט דיזע רעוואָלוציאָנע־ע לעהרע האָט געטראָפֿען ווי אַ מעכטיגער בליץ אין דעם לאַגער פֿון די נאַטור פֿאָרשער, אין וועלכען ס'האָבען זיך נאָך געפֿונען פֿיעלע אַלטע העררען, סאָל־דאַטען פֿון דער קירכע, וועלכע זיינען געוועזען פֿערזונקען אין דעם טיעפֿען שלאָף פֿון גלויבען ס'איז געוועזען אין דער ווירקליכקייט אַ גייסטיגער שטורם, וועלכער האָט אויסגעבראָכען און זיך צושפּרייט אויף דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט, אָברייניגענדיג די פֿעלדער פֿון די דערנער.

האָבענדיג אין האַנד טויזענדער און טויזענדער נאַטירליכע טהאַטזאַכען האָט דאַרווין געבראַכט דעם בעוויז, אַז די העכערע אָרגאַניזמען שטאַמען אָב פֿון די נידעריגערע פֿאָרמען, אַז די לע־בעדיגע בעשעפֿענישע, פּפֿלאַנצען, חיות און מענשען, האָבען נעמליך האָבען זייער אורשפּרונג און די איינפֿאַכסטע לעבענס-פֿאָרמען און

זיי האָבען זיך געמוזט שטענדיג ענטוויקלען, לאַנגזאַם, לאַנג־זאַם, אַלץ ווייטער און ווייטער אין פערלויף פון מיליאָנען יאָהרען (נאָר דורך דעם נאַטירליכען געזעץ פון צופּאַסען זיך צו די אַרומיגע בעדינגונגען אין דעם קאַמפּף אום דאָס דאַזיין) צו אַלץ העכערע שטופען, צו אַלץ „פאָלקאָמענערע" וועזענס.

דיזע לעהרע איז אַזוי איינפאַך און אַזוי איבערציינגענד, דאָס מיר דענקען, אַז מען קען איהר ערקלעהרען פאַר סאַי וועלכען מיטעלמעסיג בעגאַבטען שיהלער פון פיערצעהן יאָהר, און ער זאָל זי לייכט פערשטעהן. אָבער די קירכע, איהרע פערוואַלטער און צאָהללאָזע פריינד שטעלען זיך געגען דער אַבשטאַמונגס לעהרע, אַלץ אַזוי ווי זיי האָבען עס געטהון, צו זיין צייט, געגען דעם געדאַנק פון דעם קאָפּערניקאַנישען סיסטעם, וועלכער האָט איבער־געקעהרט וועלטען.

אין דעם יאָהר 1859 האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ קאַמפּף, וואָס האָט ניט געהאַט קיין גלייכען צו זיך אין דער קולטור־געשיכטע פון דער מענשהייט זינט די טעג פון דער רעפאָרמאַציאָן.

אונטער די נאַטור פאָרשער, וועלכע האָבען דעמאָלט געלעבט, האָבען זיך געפונען, ווי מיר האָבען שוין בעמערקט, פיעלע אַלטע העררען, וועלכע האָבען זייער וועלט אַנשויאונג (אויב זיי האָבען איבערהויפּט אַ וועלט אַנשויאונג געהאַט) געשטיצט אויף משה'ן אין זיי האָבען נאָך געגלויבט, אַז די וועלט בעשאַפונג איז געשעהן דורך וואונדער. דיזע זאָגענאַנטע געלעהרטע האָבען זיך געשטעלט געגען דאַרווינ'ס לעהרע. אייניגע פון זיי אָבער, די יעניגע, וועלכע האָבען זיך גענומען פלייסיג און ערענסט שטודירען דאַרווינ'ס ווערק, כדי אַרויסצוציינען זיינע טעות'ן, האָבען זיך אָבגעקעהרט פון זייערע פאָראורטהיילע און זיי זיינען געוואָרען פון געגנער: וואַרימע פריינד און הייסע פערטהיידיגער פון דער אַבשטאַמונגס לעהרע.

אַנדערע זיינען געבליבען פער'עקשנ'ט און זיי זיינען געשטאָר־בען אַלס געגנער פון דעם ענטוויקלונגס געדאַנק. דער טויט איז אַ מיטהעלפער פון דעם פאָרטשריט.

אָבער די נאַטורפאָרשער, וועלכע זיינען ניט געווען געפאַנגען

אין דעם נעץ פֿון גלויבען, די נאַטורפֿאָרשער פֿון דעם ערשטען ראַנג, די יונגע געלעהרטע, וועלכע זיינען געווען בעגאַבט מיט אַ זעלבסטשטענדיגען פֿאָרשונגס-גייסט, האָבען זיך געשטעלט אויף דאַרווינ'ס זייט. לערך צוויי צעהנדליגע יאָהרען האָט געדויערט דער קאַמפף ביי די נאַטורפֿאָרשער, צווישען די אָנהעננגער און די געגנער פֿון דער אָבשטאַמונגס-לעהרע. אָבער אַלץ ווענינער און ווענינער זיינען געוואָרען די געגנער און אַלץ גרעסער און גרעסער איז געוואָרען די צאָהל אַנהענגער, ביז דער זיעג פֿון דער דאַרווינ'ישע טהעאָריע איז געוואָרען אַ פֿאָלשטענדיגער צווישען די פֿאָרשער. אַפֿילו די אויטאָריטעטען, וועלכע האָבען ניט געקענט אַנערקענען דעם פּרינציפּ פֿון דעם נאַטירליכען אויסוואַהל אין'ם קאַמפף אום דאָס דאַזיין (מחמת גראַדע דער פּרינציפּ מאַכט אַוועק מיט דער נויטווענדיגקייט אין אַ איבערנאַטירליכען טהעטיגען שעפּפֿער), אַפֿילו די פֿרומע געגנער פֿון דעם אויסוואַהל לעהרע האָבען געמוזט צוגעבען, דאָס מען קען קוים בעשטרייטען די אָבשטאַמונגס-טהעאָריע. איינער פֿון דיזע פֿרומע אויטאָריטעטען איז ניט געווען קיין קליינערער געלעהרטער, ווי פּראָפֿעסאָר דר. אָסוואַלד העער*) אין וועמענס וויסענשאַפֿטליכקייט מען קען גאָר ניט צווייפֿלען, גראַדע ווי מען קען גאָר ניט צווייפֿלען אין זיין גלויביגער פֿרומקייט. ער האָט ביי זיך גע'פועל'ט צו פֿעראייניגען דעם אָבשטאַמונגס-געדאַנק מיט זיין מעטאַפֿיזישער בעדירפֿענים אין אַ שאַפֿער פֿון דער וועלט. דר. העער האָט בעהויפּטעט, אַז דער איבערנאַטירליכער שעפּפֿער האָט זיך אלע מאָל אַריינגעמישט אין דער ענטוויקלונג פֿון די לעבעדיגע ברואים; אין די פֿערשיעדענע פּעריאָדען, דורך וועלבער ס'איז דורכגעגאַנגען די ענטוויקלונג פֿון דער ערד, האָט „דער הערר גאָט" איבערגעענדערט און פֿערפֿאָלקאָמט די עקזיסטירענדע חיות און פּפֿלאַנצען. אין גרונד גענומען איז אָבער דיזע איבערענדערונג ניט עפּעס אַנדערש ווי דיזעלבע אָבשטאַמונג: דאָס העכערע

---

*) דר. אָסוואַלד העער: פּראָפֿעסאָר אין דער איניווערזיטעט פֿון ציריך; נאָך זיין טויט האָט פּראָפֿעסאָר דאָדעל, דער פֿערפֿאַסער פֿון דעם ווערק („משה אָדער דאַרווין") פֿערנומען זיין פּלאַץ.

שטאַמט פֿון נידעריגערען; און לויט דער בעהויפּטונג קומט אויך אויס, אַז די אור־עלטערן פֿון די מענשען האָבען געמוזט זיין חיות, גראַדע ווי דער דאַרוויניזמוס לעהרענט.

פֿאַר דער פֿערשפּרייטונג פֿון דער דאַרווינ׳ישער לעהרע האָבען אין די זעכציגער יאָהרען געווירקט אין דייטשלאַנד: ה ע ק ע ל אין יענאַ, נ ע ג ע ל י אין מינכען, און ק ע ל י ק ע ר אין ווירצבורג, דורך די פֿאָרלעזונגען, וואָס זיי האָבען געהאַלטען אין די דאָרטיגע האָכשוהלען, האָבען זיי זיך עפֿענטליך ערקלעהרט אַלס אָנהענגער פֿון דער אָבשטאַמונגס לעהרע. איינינע אַנדערע געלעהרטע האָבען בעהאַנדעלט דעם זעלבען ענין אין פּאָפּולערע שריפֿטען; צווישען דיזע געלעהרטע האָבען זיך געפֿונען ד ו ב, ז י י ד ל י ץ, ל ו ד ו י ג ב י כ נ ע ר, שפּעטער צו אויך ק אַ ר ו ס ש ט ע ר ן, דאַן אין איטאַליען דער בעקאַנטער זאָאָלאָג (געלעהרטער אין דער וויסענשאַפֿט וואָס בעשעפֿטיגט זיך מיט חיות און עופֿות), ק א נ ע ס ט ר י נ י פֿון פּאַדואַ *).

מען קען פֿאָלשטענדיג זאָגען, אָהנע זיך צו מאַכען שולדיג אין איבערטרייבונג, אַז זינט די זיבעציגער יאָהרען (פֿון דע־ נייַנצעהנטען יאָהרהונדערט) האָט די אָבשטאַמונגס־לעהרע אין די דייטשע אוניווערזיטעטען עפֿענטליכע פֿערטרעטער. ביי די פֿאָרשער וועלכע בעשעפֿטיגען זיך מיט די לעבעדיגע און מיט די טויטע ברואים, איז די אָבשטאַמונג מעהר קיין פֿראַגע ניט, זי איז ביי זיי אַ טהאַטזאַך — מען דעבאַטירט מעהר ניט איבער איהר און ווען איינער זאָל אויף אַ קאָנגרעס פֿון נאַטור פֿאָרשער וועלען ווייטער דעבאַטירען וועגען דער פֿראַגע: ווער ס׳איז גערעכט: דאַרווין מיט זיין אָב־

*) אין אָנפֿאַנג פֿון די זיבערציגער יאָהרען האָט אויך פּראָפֿעסאָר וואָרעל אַליין, זייענדיג אַ פּריוואַט דאָצענט אין צוריך, געוואַגט (מען האָט דאָס דע־מאָלט געמוזט וואָגען) זיך עפֿענטליך צו ערקלעהרען, דורך די פֿאָרלעזונגען וואָס ער האָט געהאַלטען אין די דאָרטיגע האָכשוהלען (די אוניווערזיטעט און דאָס פּאָליטעכניקום), פֿאַר דער אָבשטאַמונגס לעהרע. זיינע פֿאָרלעזונגען זיינען אויפֿגענומען געוואָרען מיט גרויסער בעגייסטערונג און דער דאַרוויניזם איז זינט דעמאָלט עפֿענטליך געלעהרענט געוואָרען אין יענע שוהלען.

שטאַמונגס-לעהרע אָדער משה מיט זיין בעשאַפען די וועלט דורך וואונדער? וואָלט מען איהם אויסגעלאַכט און מען וואָלט איהם געשיקט צו אַ דאָקטאָר, ער זאָל אונטערזוכען זיינע געהירען. אויף אַזוי וייט פאָלשטענדיג איז דער זיעג פון דאַרווינ'ס לעהרע.

אפילו די פראַנצויזישע אַקאַדעמיע, וועלכע איז די געלעהרטעסטע אָבער אויך די קאָנסערוואַטיווסטע קערפערשאַפט אין פראַנקרייך, און וועלכע האָט זיך פערהאַלטען אַ צייט געגנעריש צו דאַרווינ'ס לעהרע איז סוף כל סוף אויך געקומען צום אמת און זי איז געוואָרען אַנ'אַנהענגערין פון דער אָבשטאַמונגס-טהעאָריע. דאַרווין האָט זאָגאַר דערלעבט ערנאַנט צו ווערען אַלס עהרען-מיטגליד פון דיזער קערפערשאַפט.

כמעט דאָס זעלבע איז געשעהן מיט דער בערלינער אַקאַדעמיע, איהר פרעזידענט דובאָ-ריימאָנד איז געווען איינער פון די ערשטע געלעהרטע, וועלכע האָבען אַנערקענט די ריכטיגקייט פון דעם דאַרוויניזמוס. די אָבשטאַמונגס לעהרע איז אויך אַנערקענט געוואָרען פון דער פעטערבורגער אַקאַדעמיע פון וויסענשאַפטען, אויך פון דער עסטרייכישער אַקאַדעמיע. ס'הייסט אַפילו אין אַזעלכע לענדער וואו די קירכע האָט די אויבערהאַנד, וואו זי געוועלטיגט נאָך אין איהר פולער מאַכט, האָבען די געלעהרטע ניט געקענט פערלייקענען דעם אמת. די איטאַליענישע געלעהרטע געזעלשאַפטען — עס פערשטעהט זין אין אויסנאַהמע פון דעם קאַרדינאַלען-קאָלעגיום פון וואַטיקאַן*) — האָבען זיך אויך ערקלעהרט פאַר דער אָבשטאַמונגס לעהרע. וואָס כמעט אַלע געזעלשאַפטען פון געלעהרטע אין ענגלאַנד האָבען דאַרווינ'ן געמאַכט פאַר זייערען אַ עהרען-מיטגליעד, וואונדערט גאָר ניט, וויסענדיג וויפיעל דאָס ענגלישע פאָלק האָט בייגעטראָגען צו דער וויסענשאַפטליכער פאָ-שונג.

דאָס אַלעס איז געשעהן ביז מיט צוויי צעהנדליגע יאָהרען נאָך דעם וואָס דאַרווינ'ס לעהרע איז בעקאַנט געוואָרען אויף דער וועלט.

---

*) וואַטיקאַן: דאָס פויפסטליכע הויף אין רוים.

אַזוי איז עס געשעהן ביי די געלעהרטע, אָבער גאַנץ אַנדערש איז געווען די שטעלונג פֿון די העלדען פון דער קירכע. זיי זיינען געבליבען געגנער פֿון דער אָבשטאַמונגס לעהרע, און ס'האָט זיך אויפֿגעהויבען אַ געשריי פֿון אויפֿרעגונג צווישען די סטאַרעס פֿון די גייסטליכע פאַסטוכער, צווישען די כלי קודש:

„ווי? די נאַטור פֿאָרשער זאָלען וואַגען טאַקי אין ערענסט צו ערקלעהרען, אַז די מענשען שטאַמען פֿון חיות? ווי? דאָס מענשען-געשלעכט — אונזער אייגענעס געטליכעס געשלעכט — זאָל שטאַמען פֿון נידעריגערע ברואים, און זאָגאַר פֿון אַזעלכע בעשעפֿניסע וואָס זיינען געווע, עהנליך צו אַפֿען?"

אַזוי האָבען זיי געשריען און דער ליאַרם איז געווען זעהר גרויס אין דער קריסטליכער וועלט. די וועכטער פֿון די קירכען האָבען זיך אַלאָז געטהון צו די כלי זיין, זיך אָנגעגירט די לענדען, כדי צו פֿערניכטען „אין נאָמען פֿון גאָט" די דאַרוויניאַנער. די קירכע האָט אָנגעפֿאַנגען אַ ערענסטען קאַמפף געגען די נאַטור-פֿאָרשער, און ס'זיינען ערשינען אַ גאַנצער מבול פֿון ווערק געגען דעם דאַרוויניזמוס.

ס'מוז אָבער אָפֿען ערקלעהרט ווערען, אַז דער קאַמפף איז גאָר ניט געווען קיין גלייכער, די וואַפֿען זיינען געווען זעהר פֿערשיעדען. ס'איז געווען, למשל, ווי ווען היינט צו טאָג זאָלען די בני ישראל זיך צוזאַמענעהמען אונטער דער פֿיהרונג פֿון זייער אַלטען יהושע, ווי אַמאָל פֿאַר די טויערען פֿון יריחו, בעלאַגערען די מעכטיגע פֿעסטונג פֿון שטראַסבורג, און זי וועלען אומוואַרפֿען מיט די צושמעטערענדע טענער פֿון די שופֿרות פֿון דעם יובל יאָהר*)

*) אין ספֿר יהושע, קאַפּיטעל זעקס, ווערט דערצעהלט, דאָס ווען די אידען זיינען, אין זייער גאַנג נאָך ירושלים, אונטער דער פֿיהרונג פֿון יהושע'ן, געקומען פֿאַר דער שטאָדט יריחו, האָבען זיי געפֿונען די טויערען פֿערשלאָסען; גאָט האָט דאַן געזאָגט צו יהושע'ן, דאָס זיינע קריגס לייט זאָלען זיך אַרומדרעהן אַרום דער פֿעסטונג פֿון דער שטאָדט זעקס מאָל און זעקס טעג; אין דעם זיבעטען טאָג זאָלען די כהנים נעהמען זיבען שופֿרות, מיט וועלכע מען האָט געבלאָזען אין דעם יובל יאָהר (שופֿרות היובלים), זיי זאָלען זיך אויך

די נאַטור-פאָרשער האָבען געקעמפפט שטעהענדיג אויף דעם באָדען פון אונבעשטרייטבאַרע טהאַטזאַכען און פון דעם געזונדען מענשען פערשטאַנד; זיי האָבען געבראַכט אויף דעם שלאַכטפעלד נאָר וויסענשאַפטליכע אמת'ן, אונציילבאַרע בעאָבאַכטונגען אוים דעם רייך פון דער לעבעדיגער נאַטור, וועלכע האָט ווי מיט אַ מאָל בעקומען לשון, דאָס לשון פון ערפאַהרונג און פון וויסענשאַפטליכען עקספערימענט, דורך וועלכען זי האָט פיעלע פון איהרע סודות אויסגעזאָגט; דאָס זיינען געווען מעכטיגע פערטהיידיגונגס וואַפען און זיי זיינען די טהעאָלאָגען כמעט גאָר ניט געווען בעקאַנט.

די קאַמפפסלוסטיגע טהעאָלאָגען האָבען, פערקעהרט, געקעמפפט בלויז מיט די וואַפען גלויבען און דאָגמאַטישע בעגריפע, וועלכע זיינען שוין שטומפפיג געוואָרען. די שופרות פון דעם יובל יאָהר האָבען ערשאַלט אַלץ אַזוי מעכטיג ווי פאַר די מויערן פון יריחו, דער מלחמה ליאַרעם איז אויך געווען גענוג געוואַלדיג, אָבער די מויער'ען פון דעם נייעם יריחו זיינען ניט מעהר איינגעפאַלען, גראַדע פערקעהרט, זיי האָבען צוריקגעשטויסען די אָנגרייפער; פיעלע פון זיי זיינען אַוועקגעפאַלען פערוואונדעט, ס'האָט זיך אָבער אויך געטראָפען, דאָס אַנדערע זיינען, אַנשטאָט איינגרייפער, געוואָר'ען פריינד און פערטהיידיגער.

ס'זיינען אוים יענעם ערשטען קאַמפף צווישען טהעאָלאָגיע און אָבשטאַמונגס-לעהרע, צווישען משה און דאַרווין בעקאַנט געוואָרען פיעלע מערקווירדיגע עראייגניסע. פיעלע טהעאָלאָגישע אַנטי דאַרוויניאַנער האָבען זיך אין זייער איילעניש צו קעמפפען גאָר פערגעסען, אַז זיי זיינען אונבעקאַנט מיט די וואַפען פון דעם געגנער, מיט דער נאַטורערקענטנים, און פיעלע פון דיזע קעמפפער האָבען זיך געמאַכט זעהר לעכערליך. איינינע, די מעהר קלוגערע טהע־

---

אַרומדרעהן מיט דעם אָרון זיבען מאָל אַרום דער שטאָדט, דאַן זיבען מאָל בלאָזען אין די שיפ־ית און די אידען זאָלען מאַכען דערביי אַ גרויסען ליאַרעם. מען האָט אַקוראַט אַזוי געטהון, און פאַר די טענער פון די שופרות זיינען די מויערען פון יריחו איינגעפאַלען.

אָלאָגען האָבען זיך צוערשט גענומען אין פּריוואַט צו שטודירען די נאַטור לעהרען, כדי צו וויסען, וואָס די געגנער צו ענטפערן און — זיי זיינען אַליין געוואָרען דאַרווינ'אַנער. גאָר אַנדערע טהעאָלאָגען האָבען תיכף איינגעזעהן אַז דער קאַמפּף איז גאָר ניט קיין גלייבער און זיי האָבען אַבגעלעגט די וואַפען, מחמת ס'איז געווען פאַר זיי קלאָהר, אַז דער געגנער וועט סאַי ווי סאַי זיעגען; זיי זיינען אַנשוויגען געוואָרען דענקענדיג ביי זיך, אַז דער גלויבען וועט זיך מוזען צופּאַסען צו דער נייער לעהרע. די צאָהל פון די דענקענדע טהעאָלאָגען איז שוין אַ גאַנץ גרויסער און זי ווערט אַלץ גרעסער; זיי וועלען אין גיכען זיין די מאַיאָריטעט.

ס'לוינט זיך, דענקען מיר, די מיה, זיך צו בעקענען מיט איי־ניגע געשעהעניסע אויס דעם קאַמפּף צווישען גלויבען און וויסענשאַפט, דען יענע געשעהעניסע זיינען זעהר בעלעהרענד און זיי פערשפּרעכען זעהר פיעל פאַר דער צוקונפט.

דער בעריהמטער, קריטיש פעהיגער טהעאָלאָג, דאַוויד פרידעריך שטרויס, האָט נאָך אין אָנפאַנג פון די זיבעציגער יאָהרען (פון פערגאַנגענעם יאָהרהונדערט) זיך ערקלעהרט אין זיין ווערק „דער אַלטער און דער נייער גלויבען" אַלס בעגייסטערטער אָנהענגער פון דאַרווינ'ס אָבשטאַמונגס־לעהרע, און ער האָט זיין „נייעם גלויבען" געשטיצט אויף דעם גרונד פון דער ענטוויקלונגס־טהעאָריע. זיינע תלמידים האָבען זיך פון איהם טרויעריגערווייזע צוריקגעצויגען. שטרויס איז געקומען צו פריה מיט זיינע פעהיגסטפולע ווערק. זיין שיקזאַל איז געווען אַ אמת'ר מאַרטירערטהום און ס'האָט גראַדע ניט געגעבען קיין גרויסען מוטה צו די פריינד פון דער גייסטיגער בעפרייאונג; ער האָט זעהר פיעלעס געליטען, מחמת ער איז געגאַנגען אויף דעם וועג פון אמת גראַדע ווי זשיאָרדאַנאָ ברונאָ.

אַ אַנדערער טהעאָלאָג, וועלכער האָט בעלאַנגט צו דער פרייער ריכטונג איז געווען דער בעדייטענדער פּרעדיגער פון דער קירכע סט. פעטער אין ציריך, היינריך לאַנג. ער האָט זיך אַפילו וועניגער פערטיעפט אין די נאַטור־וויסענשאַפטליכע לעהרען, ער

איז אָבער געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון דער גייסטיגער פריי־
הייט און ער האָט ניט געמאַכט קיין אָפּאָזיציאָן צו דער אָבשטאַ־
מונגס-לעהרע. אין זיין שריפט: „די רעליגיאָן אין דאַרווינ'ס צייט",
אין וועלכער ער פּאָלעמיזירט גראַדע שטאַרק געגען שטרויס'ן,
שרייבט ער:

„איך זעה ניט איין, וואָס די רעליגיאָן, וואָס דער גלויבען האָט
אָנצווענדען געגען דעם, ווען ס'געלינגט דער וויסענשאַפט צו
בעשטעטיגען, דורך אַלץ בעסערע און צאָהלרייכערע בעווייזע,
אַז די וועלטען זיינען ענטשטאַנען אויף אַזאַ, אָדער אויף אַנ'אַנ־
דערען אופן".

איינע פון די מערקווירדיגסטע עראייגניסע האָט געטראָפען
דעם פּראָפעסאָר דר. קאַרל נעגעלי אין מינכען. אין דער
רעזידענץ שטאָדט פון בייערן האָבען זיך פערזאַמעלט פון דעם
18-טען ביז דעם 25-טען סעפּטעמבער 1877 לערך 2000 גע־
לעהרטע: ס'איז געווען די 50-טע פערזאַמלונג פון די דייטשע נאַ־
טור-פאָרשער און דאָקטוירים. אויף די דריי הויפּט מיטינגען האָבען
די בעריהמטעסטע פערטרעטער פון דער וויסענשאַפט געהאַלטען
לאַנגע רעדעס איבער דער אָבשטאַמונג און דאַרוויניזם. העקעל,
דער דייטשער דאַרווין, האָט גערעדט איבער „די היינטיגע ענט־
וויקלונגס לעהרע אין פערהעלטניס צו דער אַלגעמיינער וויסענ־
שאַפט", און ער האָט צום ערשטען מאָל קלאָהר און שאַרף אַרויס־
געזאָגט, אַז מען דאַרף איינפיהרען די ענטוויקלונגס לעהרע אויך
אין דעם אונטעררי כט פון דער יוגענד. נעגעלי האָט גערעדט
איבער „די גרעניצען פון דער נאַטור וויסענשאַפטליכער ערקענטניס"
און ער האָט אויפגעצייגט, שטיצענדיג זיך אויף דער אָבשטאַמונגס־
לעהרע, אַז די גאַנצע וועלט, וואָס קען געזעהן ווערען, עפענט זיך
פאַר דעם פאָרשענדען אויג פון דעם מענשען אַלס אַ פּראָדוקט פון
נאַטירליכע (ניט איבערנאַטירליכע) געזעצע פון אַ עקזיסטי־
רענדער אונענדליכער איינינקייט, וואָס שליסט אין זיך אַלעס איין,
אַזוי, דאָס אַפילו די זאָגענאַנטע גייסטיגע קרעפטען זיינען אויך נאַר
נאַטירליכע ערשיינונגען, און זיינען דערפאַר אַ געגענשטאַנד פון

דער נאַטורפֿאָרשונג, גראַדע ווי די כעמישע אָדער פֿיזיקאַלישע ענ־דערונגען אין די מאַטעריעלע געגענשטענדע. די ערקענטניס פֿון דעם מענשליכען גייסט און בעוואוסטזיין איז ניט קיין אונמעגליכ־קייט, זאָנדערן זי איז אויך אַ נאַטירליכע ערשיינונג, וועלכע קען ערקלעהרט ווערען אויף אַ נאַטור-וויסענשאַפֿטליכען אופֿן אָהן סאַי וועלכער הילף פֿון דער טהעאָלאָגיע. נ ע ג ע ל י האָט נאָך אין די זעכציגער יאָהרען פֿערעפֿענטליכט אַנ׳אַקאַדעמיעשע אָבהאַנדלונג איבער דעם „בעגריף פֿון דעם נאַטור היסטאָרישען מין", אין וועל־כען ער האָט זיך אויסדריקליך ערקלעהרט געגען יעדען גלויבען אין וואונדער. ער האָט דערפֿאַר געמוזט בעטראַכט ווערען אַלס אַ גע־פֿעהרליכער געגנער פֿון דעם גלויבען, וועלכען די וועכטער פֿון דער קירכע האָבען אַזוי שטאַרק פֿערטהיידיגט. וואָס איז אָבער גע־שעהן נאָך דעם מערקווירדיגען קאָנגרעס פֿון די נאַטור פֿאָרשער אין מינכען? —

די עקסטרים קאַטאָלישע צייטונג פֿון בייערן „דאָס פֿאַטער־לאַנד" האָט אָבגעדרוקט אין איהרע קאָלומס נעגעלי׳ס גאַנצען פֿאָרטראַג, אָהן וועלכער עס איז אָבקירצונג, און האָט בעמערקט דערביי, אַז דאָס איז אַ בעדייטענדע לייסטונג פֿון דעם מענשליכען גייסט. דאָס האָט געטהון די זעהר שטרענג רעליגיעזע צייטונג, וועלכע איז געוועזען גוט בעקאַנט פֿאַר איהרע אַטאַקעס געגען דעם פֿרייעם געדאַנק. ווי קענען מיר זיך דאָס ערקלעהרען?

נאָך אונערקלעהרליכער און מערקווירדיגער איז געוועזען דער ספעקטאַקעל, וואָס די ענגלישע כלי קודש האָבען געצייגט ביי דאַר־ווינ׳ס טויט. (19 טער אַפּריל 1882) און נאַכהער ביי זיין לויה.

צווישען די ענגלישע גייסטליכע האָבען זיך שוין זייט אַ לענ־גערע צייט געפֿונען פֿיעלע, וועלכע האָבען זיך צוערשט אַלס סטו־דענטען און נאַכהער אַלס גלחים בעשעפֿטיגט אין פּריוואַט מיט דאָס שטודירען די נאַטור וויסענשאַפֿט; דאָס האָט זעלטענער גע־טראָפֿען אין די אַנדערע לענדער פֿון אייראָפּאַ; אייניגע ענגלישע גייסטליכע זיינען זאָגאַר געווען בעפֿריינדעט מיט דאַרווינ׳ן און זיי האָבען זיך מיט איהם דורכגעשריבען, אָבער די גרעסטע צאָהל פֿון

די ענגלישע נשמה היטער האָבען זיך פערהאַלטען געגנעריש צו דאַרווינ'ען בעת ער האָט געלעבט.

וואָס איז אָבער געשעהן, ווען דער גרויסער, אונגלויביגער נאַטורפאָרשער האָט געשלאָסען זיין לעבען, וואָס איז געווען אַזוי רייך אין וויכטיגע און נוצליכע פאָרשונגס אַרבייט? וואָס איז געשעהן ווען ס'איז געשטאָרבען אָט יענער זעלבער דאַרווין, וועלכער האָט אין 5-טען יוני 1879 געשריבען עפענטליך צו אַ סטודענט: „וואָס מיך אַליין אָנבעטריפט, גלויב איך ניט, אַז ס'האָט ווען ס'איז שטאַטגעפונען אַ געטליכע ענטפלעקונג?" די ענגלישע קירכע האָט זיך בעטהייליגט אין דער לויה פון דעם מענשען, וועלכען זי האָט ביי זיין לעבען געהאַסט אַלס געגנער פון דעם גלויבען אין וואונדער און פון גאָטס לעהרע. די ענגלישע קירכע האָט דעם אונגלויביגען דאַרווין געמאַכט אַזאַ לויה, ווי זי מאַכט עס נאָר צו די גאָר הויכע גייסטליכע, אָדער צו די גאָר גרויסע פערטהיידיגער פון דער קירכע. דאַרווין איז זאָגאַר געגען זיין ווילען*) בעערדעט געוואָרען אין דעם ענגלישען כבוד טעמפעל וועסטמינסטער עבעי, נעבען דעם קבר פון סיר אייזיק ניוטאָן. אין דער זעלבער צייט האָבען פיער גלויביגע גייסטליכע געפּרעדיגט אין פיער קירכען פון לאָנדאָן איי-בער דעם גרויסען פערלוסט, וואָס די ענגלישע נאַציאָן און די גאַנצע מענשהייט האָט געהאַט דורך דאַרווין'ס טויט.

וואָס זאָלען מיר זאָגען דערצו? אויס דעם מויל פון די גלחים האָט דאַרווין בעקומען אונערוואַרטעט אַ לויב.

די גאַנצע וועלט האָט מיט ערשטוינונג צוגעקוקט ווי די קירכע טהיילט צו אַזאַ כבוד צו אַנ'אונגלויביגען פאָרשער, צו אַנ'אַפּאָסטעל פון דעם וויסענשאַפטליכען אמת.

ווער וואָלט זיך ביי אַזאַ ספּעקטאַקעל ניט געפּרעגט: „גם שאול בנביאים?" ס'איז ניט געווען גענוג, וואָס מען האָט דאַרווינ'ן מקבר געווען מיט דעם כבוד, וואָס מען טהיילט געוועהנליך צו אַ

*) דאַרווין האָט זיך נאָך ביי זיין לעבען פערזאָרגט מיט אַ קבר, אין אַ געוועהנליכען בית עולם, וואו ער האָט געוואָלט דאָס מען זאָל איהם בעערדען.

פֿירשט פֿון דער קירכע; די זעלבע ענגלישע העכסט-קירכעליכע געזעלשאַפֿט האָט זיך אויך בעטהייליגט ביי דאָס אַרויסלאָזען אַנ־אויפֿרוף, וועלכער איז צושיקט געוואָרען איבער דעם גאַנצען לאַנד מיט דעם צוועק צו זאַמלען געלד פֿאַר אַ מאָנומענט נאָך דאַרווינ'ן און פֿאַר אַ פֿאָנד, פֿון וועלכען מען זאָל העלפֿען יונגע נאַטור פֿאָר־שער פֿאָרטצוזעצען די אַרבייט, וואָס דאַרווין האָט אָנגעפֿאַנגען. דער אויפֿרוף איז אונטערגעשריבען געוואָרען פֿון די אַרצבישאָפֿס פֿון קענטעבורי און פֿון יאָרק, פֿון דעם בישאָף פֿון עקסטער פֿון די דעקאַנע פֿון וועסטמינסטער, סט. פּאָאול און פֿון קרייסט טשאָרטש, פֿון די פֿרומע און גלויביגע לאָרדען אַרגיל, דעוואָנשייר, נאָרטהומ־בערלאַנד, פֿון דעם מאַרקיז פֿאָן סאַליסבורי, פֿון גראַפֿען, לאָרדען, דעפּוטאַטען, פּראָפֿעסאָרען און אַ מאַסע נאַטור פֿאָרשער. יענער אויפֿרוף האָט אויך בעקומען א אינטערנאַציאָנאַלען כאַראַקטער, מחמת ער איז אונטערגעשריבען געוואָרען פֿון פֿיעלע געזאַנדטע פֿון פֿערשיעדענע אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנישע שטאַאַטען. מיט איין וואָרט, די גאַנצע „אָנגעזעהענע" וועלט איז דורך דאַרווינ'ס טויט געוואָרען דאַרוויניסטיש. ביים לעבען מ אַ ר ט ע ר ן און נאָך דעם טויט פֿ ע ר ג ע ט ע ר ן!

ס'איז כדאי דאָס צו דערמאָהנען איצט, ווען די פּראָטעס־טאַנטישע אויפֿהעצער און די היפּאָקריטען פֿון אַלערליי שאַטירונגען ערהויבען אַ ווילדען געשריי געגען דער שטרעבונג, אַז מען זאָל אויך מיט דעם פֿאָלק, מיט דעם פּ ר אָ ס ט ע ן פֿאָלק, לעהרנען דעם וויסענשאַפֿטליכען אמת.

אָבער וואָס זאָל דאָס אַלס בעדייטען?

מיר דענקען, אַז די געשעהעניסע ביי דאַרווינ'ס טויט און אַלעס איבעריגע איז אַ אונצוויידייטיגע מאַניפֿעסטאַציאָן פֿון דעם פֿאָרט־שריט, וואָס די מענשהייט האָט געמאַכט. די נאַטור וויסענשאַפֿט איז געוואָרען אַ מאַכט אין דער וועלט, אַפֿילו די פּרעדיגער פֿון דער סט. פּאָאולס קירכע זאָגען עדות וועגען איהר קראַפֿט, און די שטיינערנע ווענט פֿון וועסטמינסטער עבּי מוזען דאָס איבער־חזר'ן.

ניט לאַנג קען די מענשהייט געגען שטעהן דער מאַכט פון דעם אמת! דאָס איז אַ טרייסט — דאָס איז אַ גרויסער טרייסט! דאָס איז אַ פערזיכערונג! אַ פרייד שאַפענדע פערשפרעכונג!

וואָס פאַר אַ קראַפט געגען אַזאַ פערשפרעכונג האָבען אַלע קללות פון דעם וואַטיקאַן געגען דער נייער נאַטור ווישענשאַפט; וואָס פאַר אַ בעדייטונג האָט געגען אַזאַ וועלט-מאַכט דער אונוויסענדער פאָראורטהייל און דער צאָרנדיגער פאַנאַטיזם פון די פראָטעסטאַנטישע היפאָקריטען און זאָגענאַנטע עוואַנגעליסטען. דער גאַנג פון דער ענטוויקלונג ציהט זיך נאָך מיט גרעסערע שריט אַלץ ווייטער און ווייטער. אָט דערפאַר דאַרפען מיר מוטהיג און פרייליך זיין.

אויך אין אַמעריקאַ און נאַכהער אין דייטשלאַנד האָבען זיך געפונען קלוגע גייסטליכע, וועלכע האָבען זיך גענומען די מיה צו שטודירען די אָבשטאַמונגסלעהרע און צו זוכען אַרויסצונעהמען די פרייד פון דענקען און לעבען אוים דעם טהעאָלאָגישען אבגרונד פון סאַמע ענטזאַגונג און איהר פיהרען אונטער דער וויסענשאַפטליכער זוננען שיין. צוויי פון די בעדייטענדעסטע פריינד פון ליכט און וויסען, וועלכע האָבען זיך ערהויבען פון דעם פריעסטענטהום ווילען מיר דאָ דערמאָהנען: דער אַמעריקאַנישער פרעדיגער מ. י. סאַוואַדזש, וועלכער האָט אַרויסגעגעבען אַ פרעכטיג און בעמערקונג ווערטהעם בוך „די רעליגיאָן אין'ם ליכט פון דער דאַרווינישער לעהרע"; און דער דייטשער טהעאָלאָג דר. ר. שראַם, פרעדיגער אין ברעמען, וועלכער האָט איבערזעצט און אַרויסגעגעבען אין דייטש דאָס ווערק פון סאַוואַדזש.

דיזער בוך איז געשאַפען פון אַ גייסט, וועלכער טראָגט אין זיך אַ אונבעגרעניצטע ליעבע צו דעם אמת.

ס'ווערט אין איהם אָפענהערציג אַנערקענט, אַז די אָבשטאַמונגס לעהרע איז

„ביי די נאַטור פאָרשער גאַנץ גענוי ערקלעהרט און ניט אַלס הילפס טהעאָריע וועגען דער ענטשטעהונג פון איין מין, זאָנדערן

אַלס הויפּט פּרינציפּ פאַר דער ערקלעהרונג פון אַלעס, וואָס וואַקסט און לעבט אויף דער ערד".

אַזוי שטעהט אין דעם בוך ווערטערליך געשריבען און דאַן שטעהט ווייטער:

„איהר ווייטערע פערשפּרייטונג צווישען פאָלק איז נאָר אַ פראַגע פון דער צייט, מען דער געשריי פון די כהנים פון אונוויסענהייט, פאָראורטהייל און אַבערגלויבען זיין ווי שטאַרק, כדי דאָס צו פערהינדערן".

מיר וועלען נאָך ברייגען איינינע שטעלען פון דעם גייסט־רייכען בוך פון דעם „פרעדיגער סאַוואַדוש, טראָץ דעם, וואָס מיר שטימען ניט איין מיט זיין שטאַנדפונקט וועגען דער אורזאַך פון אַלע אורזאַכען, כדי צו צייגען אין וואָס פאַר אַ גייסט זיין טהעאָלאָגיע שוועבט. סאַוואַדוש שרייבט:

„איך דענק, אַז ס'איז די אויפגאַבע פון דער וויסענשאַפט און אויך פון דער רעליגיאָן שטענדיג צו זוכען דעם אמת, דען נאָר דער אמת פיהרט צו גאָט".

„נאָר דער, וועלכער זוכט דעם אמת, זוכט גאָט".

„די קוולה פון דער רעליגיאָן און פון דער וויסענשאַפט איז שטענדיג געוועזען, וואָס מען האָט געדענקט, אַז ס'איז דאָ אַ פונקט, פון וועלכען די פאָרשונג קען ווייטער מעהר ניט געהן. מיר שטעהן אַלס ענדליכע גייסטער אין מיטען פון דער אונענדליכקייט; און פאַר אַנ'ענדליכען וועזען, וואָס בעוועגט זיך אין מיטען פון דער אונענדליכקייט, איז ניט פאַראַן קיין פונקט, וואו ער זאָל זיך אָבשטעלען, ער האָט בלויז דאָס רעכט און די געלעגענהייט צו ענדלאָזער פאָרשונג... הינטער אַלע פערשיעדענע אַרבייטען, ענטדעקונגען און עקספּערימענטען פון דעם וויסענשאַפטליכען פאָרשער שטעהט דער אַלגעמיינער גלויבען, דאָס אַלע וויסענשאַפטליכע אמת'ן זיינען נאָר איין איינציגער אמת, די גאַנצע וועלט איז נאָר פון איין

שטיק און די פערשיעדענע אמת'ן זיינען נאָר פערשיעדענע טהייד-
לען פון אַ געטליכען מוסטער..."

„דיעזער גלויבען פון דער וויסענשאַפט איז
גרויסאַרטיגער, ווי סאַי וועלכער גלויבען וואָס
די רעליגיאָן האָט ביז איצט געלעהרענט".

לעזענדיג דאָס בוך פון סאַוואַדזש'ן זעהט מען, אַז מען האָט
ווירקליך צו טהון מיט אַ טהעאָלאָג, וועלכער זוכט דעם
אמת, וועלכער האַסט ניט דעם אמת, זאָנדערן ער ליעבט איהם,
וועלכער בעקענט פריי דעם אמת, אויף וויפיעל איהם דוכט
זיך, אַז ער האָט איהם אַנערקענט. ער איז ניט פון די היפּאָקריטען
וועלכע האַלטען זיך אין דעם טעות, דערפאַר מחמת ס'זיינען דאָ
מעהר גלויביגע אין דעם טעות, ווי ס'זיינען פאַראַנען פריינד פון
דעם אמת. זיין בוך קען רעקאָמאַנדירט ווערען צו אַלע קריסטען,
יודען און היידען, און זאָגאַר צו די פריידענקער. אַלע, אָהן אונ-
טערשיעד, קענען פון איהם לעהרנען!

סאַוואַדזש איז איבערצייגט: „אַז אַלע וויסענשאַפטליכע אמת'ן
זיינען נאָר איין אמת און די גאַנצע וועלט איז נאָר פון איין
שטיק". מיר זיינען אויך ביי דער זעלבער מיינונג, און מיר ווילען
דאָ דערמאָהנען, אַז די נייעסטע ענטדעקונגען אין דער כעמיע און
אין דער פיזיק האָבען געפיהרט צו דער איבערצייגונג, פון וועלכער
גרויסע גייסטער האָבען ביז איצט נאָר געהאַט אַנ'אַהנונג, נעמליך:
„אַז אין דער גאַנצער וועלט איז נאָר דאָ איין אורשטאָף, נאָר
איין אורקראַפט".

ווי ס'איז צו זעהן איז נאַנץ ריכטיג, אַז עקסטרימען בעגע-
גענען זיך.

ס'וועט קומען אַ טאָג, ווען ס'וועלען אויפהערען אַלע סכסוכים
וועגען רעליגיעזע פראַגען, אַלע שטרייטיגקייטען וועגען גלויבען
אָדער ניט גלויבען, וועגען טהעאיזם אָדער אַטהעאיזם, וועגען רע-
ליגיעזע דאָגמען און אבערגלויבענס וועלען פערשווינדען. דאַן וועט
מען דינען צו גאָט, דאָס הייסט צו דעם אמת, וועלכער איז
אַליין גאָט, ניט נאָר ביי די וואַסער פון דעם ירדן, ניט נאָר אין

בבל, ניט נאָר ביי די ברעגעס פֿון דעם חדקל, ניט נאָר אין די מאָשעען, טעמפּלען און קירכען, זאָנדערן אויף אַלע בערג און טהאָלען פֿון דעם ערד קוגעל; אויף די שפּיצען און אין די טהאָלען פֿון די הימאַלאַיאַה בערג, גראַדע ווי אויף די מיט בלומען בעוואַקסענע אַלפּען; ביים שטילען אָקעאַן, ווי ביי דעם פֿערפֿרוירענעם פּאָלאַר ים; אונטער די פּאַלמען פֿון עטהיאָפּיע, ווי אויף די שטיינערדיגע שפּיצען פֿון אויף די סקאַנדינאַווישע בערג.

אין דער פֿיעלהייט און פֿערשיעדענהייט פֿון די ערשיינונגס־פֿאָרמען, וועלכע מען קען גאָר ניט אין גאַנצען אומפֿאַסען, וועט מען אַנערקענען די *איינהייט* פֿון אַלעס וואָס *עקזיסטירט* *נאָר*. די צוקונפֿט געהער צו דעם *מאָניזם* *). דער מאָנאָטהעאיזם איז געווען די לעצטע ענטוויקלונגס שטופֿע אויף דער לייטער, וועלכע האָט געפֿיהרט צו דעם העכסטען אויסזיכטספּונקט איבער דעם כאַאָס פֿון די געשעהעניסע.

די אונוויסענדע געגנער פֿון דער נאַטור וויסענשאַפֿטליכע אויפֿקלעהרונג וואַרפֿען אונז זעהר אָפֿט פֿאָר, אַז מיר *האָבען* *ניט* *קיין* *רעליגיאָן* און דאָס מיר ווילען אָבשאַפֿען די *רעליגיאָן* — ס'איז ניט פֿאַראַן נאָך אַזאַ אונבעגרינדעטע זאַך, ווי דיזער פֿאָרוואורף.

געוועהנליך האָבען די היטער פֿון דעם העכסטען גלויבען דאָס וואָרט „רעליגיאָן“ זעהר שלעכט געברויכט. אין זייער קינדערישער בעשרענקטהייט האָבען זיי ערקלעהרט און ערקלעהרען נאָך היינט צו טאָג, אַז נאָר *זיי* *אַליין* האָבען רעליגיאָן. דיזע שוואַרץ קונצען־מאַכער בעהאַנדלען דאָס וואָרט רעליגיאָן אַקוראַט ווי זיי בעהאַנדלען דעם בעגריף פֿרייהייט. „האָבען רעליגיאָן“ הייסט ביי זיי: צו זיין בעשרענקט און שטאָלץ אין דער זעלבער צייט, צו זיין דום און עהרענייציג, צו טראָגען דעם פֿרידען אויף דער צונג און צו דער זעלבער צייט זיין קריגעריש און זיך בענוצען מיט דעם מע־

*) *מאָניזם*, איז די פֿילאָזאָפֿישע אַנשויאונג, וועלכע פֿיהרט צוריק אַלעס, וואָס עקזיסטירט נאָר צו איין פּרינציפּ, צו איין גרונד עקזיסטענץ, צו איין *איינהייט*, פֿון וועלכע אַלע ערשיינונגען שטאַמען אָב.

פער, צו פרעדיגען ליבע און צו איבען האַס, צו רעדען פון געדולד און צו ענטוויקלען אונגעדולד, זיך ערקלעהרען פאַר קינדער פון גאָט און צו האַנדלען ווי די ערגסטע טייוואָלים. זיי ערקלעהרען זיך פאַר די וויסענדע און די איינציגע, וועלכע זיינען בעקענט מיט דעם ווילען פון גאָט, און זיי מיינען דערביי נאָר די פערעהרליכונג פון זייערע אייגענע, קליינענקע און בעשרענקטע איך'ן. אַלץ אַזוי בעהאַנדלען זיי די „פרייהייט". פריי צו זיין, הייסט ביי די זעלבע הייליגע, צו האבען דאָס רעכט אַנדערע צו פערפאָלגען, מאַרטערן און פייניגען, צו קענען אונטערדריקען און אויסבייטען די אַנדערע, אייגענע שוועסטערן און ברידער. יאַ, יאַ, אָט דאָס איז די רעליגיאָן און די פרייהייט נאָך די הערצער פון די — עגאָאיסטען!...

מיר האָבען אויך רעליגיאָן! — ווי נאַטור פאָרשער, פון דער דאַרווינ'ישער שוהלע האָבען אויך רעליגיאָן?

וואָס הייסט דען רעליגיאָן?

אורשפרינגליך בעדייט דאָס וואָרט „רעליגיאָן" אַזוי פיעל, ווי דאָס וואָרט „באַנד" און מיר פערשטעהען אונטער דעם די ערקענ־טעניס, דאָס מיר זיינען אַבהענגיג פון דער אויסערליכער וועלט, פון די אַנדערע מענשען און פון דער גאַנצער נאַטור, דאָס מיר זיינען ניט אַבסאָלוט פריי, זאָנדערן מיר זיינען פערבונדען מיט אַלעם און מיט אַלעמען דורך דעם באַנד פון די נאַטירליכע פערהעלטניסע. דאָס בעוואוסטזיין „דאָס מיר זיינען אַבהענגיג פון דעם וואָס איז אויסערהאַלב אונז און דאָס אַרט דענקען און האַנדלען געגען אַנ־דערע, וואָס קומט אַרויס פון דיזען בעוואוסטזיין, אָט דאָס איז נאָך אונזער אויפפאַסונג רעליגיאָן.

ס'זיינען דאָ רויע און גראָבע רעליגיעזע פאָרשטעלונגען: ס'איז גענוג צו דערמאָהנען דעם גלויבען אין כשוף, טייוואָלים, שדים און רוחות; דעם געדאַנק פון די קריסטען אַז אַ ניט גע'שמד'ט קינד איז פער־דאַמט אויף אייביג; אָדער די נאַרישע פאָרשטעלונג, אַז אַלע אַנדערע מענשען, וועלכע דענקען ניט אַקוראַט ווי זיי וועלען פערלוירען געהן אין די פלאַמען פון דעם גיהנם.

מיר רופען די רעליגיאָן פון די היידען אַ רויהע רעליגיאָן,

מחמת זיי בעטען צו שטיקער העלצער אָדער צו חיות. די קריסטען רופען די רעליגיאָן פון מחמעד'ן אַ תאוה'דיגע, מחמת ער פער־שפרעכט זיינע גלויביגע אויף יענער וועלט אַ הארעם מיט פיעלע ווייבער; מחמעד האט גערופען די קריסטליכע רעליגיאָן אַ אונזי־ניגע, מחמת זי האט געמאַכט דריי געטליכע פערזאָנען פאַר איין גאָט; די יודען רופען די קריסטליכע רעליגיאָן אַ פעהלער־האַפטע, מחמת ישו פון נוצרת איז ניט געוועזען דער ריכטיגער משיח; און פערקעהרט זאָגען די קריסטען אַז די יודישע רעליגיאָן איז אַ פאַלשע, מחמת די יודען האָבען זייער איינענעם משיח געקרייציגט. יעדע קריסטליכע סעקטע בעהויפטעט, אַז זי אַליין אין גיט קיין אַנדערע פערמאָגט די אמת'ע הערבטע רעליגיאָן. ווי בעקאַנט זאָגען די קאַטאָליקען אַז זייער קירכע איז די איינציגע וואָס מאַכט גליק־ליך. און וויפיעל שטראָמען בלוט זיינען געפלאָסען דורך דיזע רע־ליגיאָנען? די שרעקליכסטע גרוילטהאַטען זיינען אין נאָמען פון דיזע רעליגיאָנען בעגאַנגען געוואָרען.

און דאָך: אָט די אַלע וועלכע רעדען און האַנדלען אַזוי; אָט זיי אַלע וועלכע וואָלטען גערן ווידער אַזוי געהערט און געהאַנ־דעלט; אָט זיי האָבען רעליגיאָן!

לאָמיר איצט מאַכען אַ גענען־פּראָבע!

זייענדיג פריינד פון אָפענער ערקלעהרונג און פאָלגליך געגנער פון היפאָקריזיע, ווילען מיר דערפאַר דאָ ערקלעהרען די רעליגיאָן פון אַ פרייעם מענשען, וועלכער בויעט זיינע אידעאַלען אויף דער נאַטור וויסענשאַפט און וועלכער האָט זיך צוגעפאַסט צו די פער־העלטניסע פון דער אויסערליכער וועלט, כדי צו לעבען אין פרידען, ניט אין שקלאַפישע בעציהונגען, מיט זיינע מיטמענשען (מיט די וועלכע פעררינען דעם נאָמען „מענשען") און אויסצולעבען זיינע טעג אין האַרמאָניע מיט דעם גאַנצען וועזען פון זיין איינענעם קליינעם איך.

דאָס ערשטע:

דאָס העכסטע וואָס מיר פערעהרען איז דער אמת, ווי ער ווערט ענטפלעקט אין דעם לעבען פון דער וועלט

און פֿון דער נאַטור. יעדער וואָס זוכט צו ערקענען דעם אמת געהט מיט אונז אויף דעם זעלבען וועג און איז אונז אַ ברודער אָדער אַ שוועסטער, אָהנע אונטערשיעד צו מען איז געבוירענע אַריסטאָקראַטען אָדער קינדער פֿון פּראָסטען פֿאָלק, אָהנע אונטערשיעד, אין וועלכער רעליגיאָן מען איז ערצויגען געוואָרען, אָהנע אונטערשיעד פֿון וועלט אַנשויאונג, פֿון נאַציאָן אָדער ראַסע, אָהן אונטערשיעד פֿון דער פּאָליטישער מיינונג, אָהן אונטערשיעד פֿון דער מדרגה אויף וועלכער מען שטעהט אין דער זאָגענאַנטער בילדונג, דען ווער ס'זוכט דעם אמת דער זוכט דאָס העכסטע, און אין דער שטרעבונג נאָך ערקענטניס זיינען מיר, זוכענדע, אַלע גלייך.

אַ צווייטעס:

אַלס יחידים זיינען מיר אַלע אַבהענגיג איינער פֿון דעם צווייטען און אויך פֿון דער נאַטור, וואָס רינגעלט אונז אַרום. דער מענש איז דער פּראָדוקט פֿון דער שטענדיג ענדערענדער נאַטור און פֿון דער ערציהונג. אַ דאַנק דיזער ערקענטעניס בעגרייפֿען מיר, אַז די אַנדערע מענשען זיינען פֿון דער נאַטור פֿעראייניגט מיט אונז. ס'שטעהן געגען אונז פֿייגדליך נאָר די, וועלכע זינדיגען געגען די געזעצע פֿון דער נאַטור.

אַ דריטעס:

פֿון וואַנען קומען מיר? אַזוי ווי יעדער מין פּפֿלאַנצע אָדער חיה האָט זיך ענטוויקעלט לאַנגזאַם אין פֿערלויף פֿון מיליאָנען יאָהרען פֿון אונזער ערד געשיכטע, דורך דעם נאַטירליכען אויסוואַהל געזעץ און דעם קאַמפּף אום דאָס דאַזיין, פֿון נידעריגע אָנפֿאַנגען צו אַלץ פֿאָלקאָמענערע וועזענס, אַלץ אַזוי האָט זיך דער מענש שטענדיג ווייטער און ווייטער ענטוויקעלט אין פֿערלויף פֿון יאָהר טויזענדע פֿון דער חיה'שער אָבשטאַמונג צו דער מדרגה פֿון אַ מענשען. ס'איז קיין מאָל ניט געווען אויף דער וועלט קיין ערשטער מענש, גראַדע ווי ס'איז קיין מאָל ניט געווען קיין ערשטער דייטש, קיין ערשטער פֿראַנצויז, קיין ערשטער שפּאַניער. אַלעס וואָס עקזיסטירט איז געוואָרען, ס'איז אַרויסגעקומען דורך דער שטענדיגער אַלץ פֿאָרווערטס געהענדער נאַטירליכער ענטוויקלונג.

פון עפּעס אַנדערעס, וואָס האָט פריהער עקזיסטירט. אַלעס וואָס לעבט, חיה אָדער פּפלאַנצע, איז אונז פערוואַנדעט, מחמת אַלעס, וואָס לעבט שטאַמט פון איין מוטער און דאָס איז די נ אַ ט ו ר.

אַ פיערטעס:

די ווייטערע ענטוויקלונג אין דער ריכטונג צו גרייכען אַ העכערע פאָלקאָמענהייט איז אַ אַלגעמיינע ערשיינונג אין דער גאַנצער לעבעדיגער נאַטור. זי איז געווען אין דער פערגאַנגענהייט, זי עקזיסטירט אין דער געגענוואַרט און וועט אויך זיין אין דער צוקונפט. זי איז דער אויסדרוק פון אַ נאַטור-געזעץ און אויב ס'זיינען דאָ אייניגע שיינבאַרע אויסנאַהמעס בעשטעטיגען זיי נאָר דאָס געזעץ. דער פאָרטשריט צו'ם בעסערען, צו'ם פאָלקאָמענערען ציהט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער מיט נ אַ ט ו ר נ ו י ט װ ע נ ד י ג ק י י ט. ווער ס'זינדיגט געגען דעם געזעץ — דער שטאַרבט. ווער ס'שטעהט שטיל געהט, ווי די ערפאַהרונג צייגט, צו גרונדע. זיין אונטערגאַנג איז נאָר אַ פראַגע פון דער צייט.

אַ פינפטעס:

מיר קענען אַ ז י נ ד, וואָס איז איבערגעגעבען געוואָרען בירושה, ניט אין דעם זין, ווי משה דערצעהלט, זאָנדערן אוים דעם שטאַנדפונקט פון דער נאַטור ערקענטעניס: ס'איז די נייגונג, וועלכע קען זיך מאַניפעסטירען ביי אייניגע וועזענס זיך צוריקצוקעהרען אויף דער מדרגה פון די נידעריגער ענטוויקעלטע מינים, פון וועלכע זיי שטאַמען אָב. אין יעדען מענשען שטעקט מעהר אָדער ווייניגער אַ שטיק חיה, וועלכע איז אונז איבערגעגעבען געוואָרען פון די נידעריגערע מינים, אוים וועלכע מיר שטאַמען; דיזע „ירושה זינד", אין וועלכער קיין ערענסטער נאַטור פאָרשער וועט ניט לייקענען איז געאייגענט צו פערנעהמען דאָס פלאַץ פון דעם מיסטישען חטא אין גן עדן. זי וועט, דורך ערפאַהרונג, ווערען דער אויסגאַנגס פונקט פון אַ נאַטור מעסיגע מאָראַל און עטהיק, וועלכע דאַרפען געשאַפען און ענטוויקעלט ווערען.

אַ זעקסטעס:

ס'איז פאַראַן אַ העכערע גערעכטיגקייט, פון דער וואָס די-

היינטיגע מענשען געברויכען; ס'איז פאַראַן אַ „נעמעזיס" *) וואָס געהמט נקמה פאַר די זינד, וועלכע ווערען בעגאַנגען געגען די געזעצע פון דער נאַטור. ווער ס'דער'הרג'ט אַ מענשען דער איז צוריקגעזונקען וויים אונטער דער ענטוויקלונגסשטופע פון דעם מין, פון וועלכען מיר שטאַמען אָב; ער איז געוואָרען פון אַ ענטוויקלענדען מענשען צוריק אַ חיה. די נאַטור וויסענשאַפט רופט אַזאַ פאַל פון צוריקזינקונג — אַ ט אַ ו ו י ז ם. די וועלט פון פפלאַנצען און חיות לעהרענט אונז, אַז די צוריקזינקונג, די שטאַרקע מאַניפעסטאַציאָן פון דעם חטא, וואָס איז איבערגעגאַנגען בירושה, ווערט בעשטראָפט מיט'ן טויט. די נאַטור פערניכטעט די איינצעלנע אַטאַוויסטישע (צוריקגעזונקענע) פפלאַנצען און חיות. מיר, באַרמהערציגע מענשען, האָבען אָנגעפאַנגען צו בעשטראָפען אַזעלכע זינדיגע, נים מיט דעם טויט, זאָנדערן צו מאַכען אונשעדליך, דורך דאָס אַריינזעצען אין געפענגנים, די מענשען, וועלכע זיינען געוואָרען חיות.

„ווער ס'מאַכט אַ מענשען פאַר אַ שקלאַף, דער האַנדעלט געגען אַ נאַטור געזעץ, דען „דער מענש איז פריי געשאַפען און ער איז פריי, ווען ער זאָל אַפילו זיין געבוירען אין קייטען".
(שילער).

אַ זיבעטעס:

אלע מענשליכע טוגענדען האָבען זיך געהאַלטען אין איין ענטוויקלען אין דעם לאַנגזאַמען ענטוויקלונגס גאַנג פון דער געשיכטע פון דער מענשהייט. זיי זיינען פראָדוקטען פון דער נאַטור און זיי קענען נים פערלוירען געהן. אוים סאָציאַלע אינסטינקטען זיינען געוואָרען מענשליכע טוגענדען. און די טוגענדען (פון וועלכע די העכסטע איז די ליבע צו דעם צווייטען) וועלען זיך אַזוי בעפעסטיגען דורך אַ פאַרטגעזעצטער פפלעגע און דורך אַ מאָראַלישער ערציהונג, אַז זיי וועלען איבערגעהן בירושה פון דור צו דור. אויף דעם פלאַץ פון דער באָבע מעשה וועגען אַ „גוטער אַלטער צייט" ערהויבען מיר דעם צוטרויען אין אַ בעסערע צוקונפט.

*) נעמעזיס, די געטין פון נקמה.

אַ אַכטעס:

אונזער האָפנונג איז געריכטעט אויף דער ווייטערער ענטוויקלונג פון דעם גאַנצען מענשענגעשלעכט. גראַדע ווי מיר מענשען פון דער געגענוואַרט זיינען בעסער, ווי אונזערע חיה'שע אורעלטערן, אַלץ אַזוי וועלען די ווייטערע דורות פון דעם מענשענגעשלעכט זיך ווייטער ענטוויקלען און זיי וועלען, מיט נאַטור נויטווענדיגקייט, ווערען פיעל בעסער, ווי מיר זיינען.

אַ ניינטעס:

אַזוי ווי אונזער גאַנצעס וויסען בעשטעהט פון שטיקער, בעזיצט יעדעס שטיק פון ווירקליכער ערקענטנים די קראַפט פון דעם וואַקסענדען זאַמען פון דער אַלגעמיינער ערקענטנים. די שטיקער ערקענטענים, וועלכע מיר פערמאָגען ערהויבען אונז העכער פון אַנדערע, דאָס בעפרייט אונז אַבער בשום אופן נים פון דער פפליכט מיטצווווירקען אין פעראייניגונג מיט אַנדערע צו פערגרעסערן דאָס וויסען פון אַלע.

דאָס לעצטע:

יעדע אמת'ע ערקענטנים מוז מאַכען געדולדיג. די רעליגיאָן פון יעדען איינעם איז זיין אייגען פריוואַט אייגענטהום, אין וועלכען קיין רעגירונג און קיין שטאַאַט און נאָך וועניגער דער פויפסט, וועלכער איז אַ מענש מיט פעהלערן, ווי אַלע מענשען, האָט נים קיין רעכט זיך צו מישען. ווער ס'האָט די מעטאַפיזישע בעדירפנים צו גלויבען אין אַ יענער וועלט, כדי צופרידען צו זיין, דער זאָל זיין בעדירפנים בעפרידיגען אויף זיין אייגענעם אַרט; זאָל ער בעטען אונטער דעם באַרג סני, אין מעקאַ אָדער רוים, אין דער מדבר אָדער אויף די בערג, סאַי וואו און סאַי ווי ער וויל, כל זמן ער שטערט נאָר נים אַנדערע און ער שעדיגט נים זייער וואָהלזיין. פערקעהרט, דעם וואָס וויל נים וויסען פון קיין לעבען אויף יענער וועלט, מחמת ער קען דערפון נים וויסען, דעם זאָל מען אויך נים שטערען אין זיין שטרעבען צו שאַפען איצט אין פעראייניגונג מיט אַלע אַנדערע דעם הימעל און צו פערוואַנדלען די ערד אין אַ גן עדן, וואו ער און די גאַנצע וועלט זאָל קענען גליקליך זיין, נאָר

אין אַזאַ פֿאַל וועלען מיר ריכטיג זיין מ ע נ ש ע ן. דאָס גליק פֿון דעם יחיד קען נאָר דאַן זיין פֿאָלקאָמען, ווען עס שטעהט ניט אין געגענזאַץ, זאָנדערן אין אָנקלאַנג מיט דעם וואָהלזיין פֿון די אַנ־דערע. דערפֿון וואַקסט אַרוים פֿון זיך אַליין אַ נאַטור־מעסיגע מענ־שען־ווירדיגע מאָראַל און אַ עטהיק, וועלכע וועלען אַריבערלייכטען אַלע אַני מאַמין׳ס פֿון דעם גלויבען אין די ווייטסטע צוקונפֿטס צייטען פֿון דעם מענשען געשלעכט.

אָט דער פּרינציפּ פֿון דער פֿאָרווערטס געהענדער ענטוויקלונג, וואָס ציהט זיך ווי אַ לייטענדער פֿאָדים דורך דער רייהע געדאַנקען פֿון דעם דאַרוויניזמוס, אָט דער נאַטור געזעץ פֿון דער שטענדיגער, ווען אויך לאַנגזאַמער ענטוויקלונג צו דאָס בעסטע, איז די תורה, איז דאָס עוואַנגעליום פֿון דער נאַטור ערקענטניס.

איצט זאָל מען אַליין אורטהיילען, צו מיר דאַרוויניסטען זיינען רעליגיעז אָדער רעליגיאָנסלאָז. — סוף כל סוף שפּיעלט דער נאָמען גאָר קיין ראָלע ניט, ס׳קימערט אונז ניט, ווי מען רופֿט אונז; דער עצם, דער אינהאַלט אָט דאָס איז דער עיקר. דער בוכשטאַב הרג׳ט אַוועק, דאָס וויסען מיר אַלע, צו סאַי וועלכען גלויבען מיר זאָלען ניט בעלאַנגען. „דער נאָמען איז קלאַנג און רויך". (געטהע).



# איז וואָס לעהרענט אונז איצט די פּאָלקסשוהלע?

מיר ווילען קודם כל בעשטעטיגען דעם אונבעשטרייטבאַרען פּאַקט, אַז די פּאָלקסשוהלע אַליין איז כמעט גאָר ניט בעאיינפּלוסט געוואָרען פון די נאַטור-ווימענשאַפּטען; זי איז — דעם אויסע־ליכען גלאַנץ און פּליטער אָראָבגערעכענט — געבליבען אין איהר עצם אונבעריהרט פון דער צייט פון דער נאַטורוויסענשאַפט.

כמעט אין אַלע לענדער, ביי די מייסטע נאַציאָנען ווערט אין דער פּאָלקסשוהלע נאָך אַלץ געלעהרענט די טעות'ן פון משה'ס בעשאַפונגס געשיכטע און זיי ווערען אָנגעגעבען אַלס היילינע אמת'ן.

מיט זעכציג זיבעציג יאָהר צוריק פּלעגט מען אין די פּאָלקס-שוהלען פון דער שווייץ לעהרנען די „ביבלישע געשיכטען" פון קריסטאָף שמידט. די קינדער פּלעגען הערען די ע־צעהלונגען וועגען דער ריידעווודיגער שלאַנג אין גן עדן, וועגען משה'ס אותות ומופתים, וועגען דניאל'ן אין דעם לייבען-גרוב, וועגען יונה'ן אין דעם בויך פון דעם גרויסען ים-פיש, און אַזוי ווייטער; אַלץ וואונדער, און וואונדער, און נאָך אַמאָל וואונדער! שמידט'ס „ביבלישע געשיכטען" זיינען אָבער געווען גוט רעדאַגירט; די קינדער האָבען געליעבט די שפּראַך, אין וועלכער זיי זיינען איבערגעגעבען געוואָרען, און זיי האָבען הנאה געהאַט פון דער אונטערהאַלטונג. דע־מאָלט האָט מען געגען די ערצעהלונגען פון דער ביבעל ניט געקענט פיעלעס אויסזעצען, דען דער גלויבען אין וואונדער איז געווען טיעף איינגעוואָרצעלט אין דעם בעוואוסטזיין פון גאַנצען פּאָלק. ס'איז נאָך ניט ערשיענען קיין דאַרווין מיט זיינע טהעאָריען.
אָבער נאָך דאַרווינ'ן זיינען ערשיענען יעדעס יאָהר נייע אויפ־

לאַנגען פּון אַ בוך „צוויי מאָל צוויי-און פופציג ביבלישע געשיכטען פאַר שוהלעם און פאַמיליען", וואָס קאַלוועה'ס פערלאַגס-פעראיין האָט אַרויסגעגעבען. אין די ערשטע צעהן יאָהר נאָך דאָס ערשיינען פון דאַרווינ'ס ווערק, ס'הייסט ביז אין 1869 זיינען פון דעם בוך אַרויסגעגעבען געוואָרען 211 אויפלאַגען. מען האָט עס בענוצט אַלס אַ לעהרמיטעל פאַר דעם אונטערריכט אין רעליגיאָן אין פיעלע לוטעראַנישע שוהלען פון די דייטשע שטאַאַטען און זאָגאַר אין די רעפאָרמירטע שוהלען פון אייניגע קאַנטאָנען אין דער שווייץ. אָט דאָס ביכעלע, אין וועלכען ס'ווערען איבערגעגעבען די ביבלישע וואונדער האָט אויף אַזוי פיעל נושא חן געווען ביי דער קירכע און ביי'ם שטאַאַט, דאָס מען האָט עס אין די צעהן יאָהר, ביז 1869, איבערזעצט אין ניט ווייניגער ווי אין 64 שפּראַכען. אַפילו אין ביי־געזיש האָט מען דאָס איבערזעצט. אין דעם ביכעל ווערען דער־צעהלט פיעל מעהר וואונדער, ווי אין דעם בוך פון קריסטאָף שמידט; מען האָט זאָגאַר די וואונדער טהאַטען פאָרגעשטעלט אין בילדער, כדי מען זאָל נאָך מעהר אַריינכאַפּען אין דער נעטץ פון דער פאַנטאַזיע די בייגיגע נשמה'לע פון דעם קינד. ס'ווערט צום ביישפּיעל פאָרגעשטעלט אין בילדער די רעדעווודיגע שלאַנג אויף דעם עץ הדעת מיט דער נאַקעטער חוה דערנעבען, דער מלאך מיט דער פלאַמענדער שווערט ביי דער אַרויסטרייבונג פון אדם און חוה אויס דעם גן עדן, דער מבול, די דריי מלאכים ביי אברהם'ן מיט שרה'ן לאַכענדיג אונטער דער טיער, דער אונטערגאַנג פון סדום (אויף דעם בילד איז אויסגעמאָהלען אַ גראָבע פעטע פויערן-שיקסע מיט צוויי פליגעל און אויסגעשפּרייטע הענד, אין וועלכע זי האַלט אַ פלאַמענדע שווערט, וואַרפענדיג איהר געגען דער אָנ־געצונדענער שטאָדט), יעקב'ס בעטרוג דורך וועלכען ער נאַרט אויס פון עשו'ן די בכורה, די זיבען מאָגערע קיה פון פרעה'ס חלום, משה מיט זיין צווייבער שטעקען פאַר פרעה'ן, דער רעגען מיט מן אין דער מדבר, משה'ס וואונדער ביים פעלזען-שטיין, דער אין פייער איינגעהילטער באַרג סני, דאָס דינען צו דעם עגל, בלעם'ס ריידעווודיגע עזעל וועלכער האָט ניט געקענט געהן ווייטער

מחמת אַ מלאך פֿון גאָט איז איהם געשטאַנען אין וועג, ווי יהושע בעפֿעהלט דער זונן און דער לבנה דאָס זיי זאָלען בלייבען שטעהן אויף אַן אָרט, נתן הנביא און דער פֿאַמיליען ברעכער דוד (מען דערצעהלט די קינדער די גאַנצע סקאַנדאַליעזע געשיכטע, ווי דוד פֿערפֿיהרט דאָס ווייב, פֿון זיין גענעראַל אוריה). ס׳זיינען נאָך די בילדער פֿון אליהו הנביא מיט די ראָבען ביי דעם טייך כרית, יונה הנביא ווי ער ווערט נאָך דעם וואָס ער איז געלעגען דריי טעג אין דעם בויך פֿון דעם ים-פֿיש אַרויסגעשפּיגען אויף דער יבשה, דניאל אין דעם לייבען גרוב. אַלץ אויף אַזאַ אופֿן זיינען פֿאָרגעשטעלט אין בילדער די וואונדער פֿון דעם נייעם טעסטאַמענט.

אין פֿיעלע ערטער בענוצט מען נאָך איצט דיזען בוך פֿון וואונדער אַלס אַ לעהר מיטעל, זיין אינהאַלט ווערט געלעהרענט מיט הונדערטע טויזענדער קינדער און זאָגאַר מיט דערוואַקסענע מענשען אַלס אַ אייביגער אמת.

ניט פֿיעל בעסערע לעהר מיטלען ווערען געברויכט אין די פּראָטעסטאַנטישע שוהלען, אויך אין זיי לעהרענט מען מיט די קינדער די אַלע וואונדער פֿון משה׳ס בעשאַפֿונגס געשיכטע און אַלע איבעריגע באָבע מעשיות פֿון דעם אַלטען און פֿון דעם נייעם טעסטאַמענט.

זאָגאַר די איי בי-סי ביכלאַך, וועלכע מען געברויכט צו לעהרנען מיט קליינע קינדער, וואָס זיינען ניט עלטער ווי 5 אָדער 6 יאָהר, זיינען אויך בעשרענקט אויף דעם גלויבען אין וואונדער, וועלכען די וויסענשאַפֿט דאַרף דאַן אין די העכערע שוהלען צוריק אַרויס־שלאָגען אויס די קעפּ פֿון די סטודענטען, אויב מען וויל זייער גייסט ענטוויקלען צו זיין פֿעהיג צו בעגרייפֿען די רעזולטאַטען פֿון אמת׳ער פֿאָרשונג. אין אַ איי-בי-סי ביכעל וואָס איז געברויכט געוואָרען אין געוויסע דייטשע שוהלען געפֿינט זיך אַ לעקציע אונטער דעם טיטול: „דער מענש גאָט“, אין וועלכען עס שטעהט: „גאָט האָט געמאַכט דעם מענשען אויס אַ שטיק ל י י ם, און האָט איהם אַריינגעבלאָזען אַ לעבענדיגען אָטהעם ד ו ר ך ז י י ן נ אָ ז. דער מענש האָט דערפֿאַר אַ ג ו ף און אַ נ ש מ ה“. די בעשאַפֿונגס

מעשה ענדיגט דאַן: „ווען די נשמה טהיילט זיך אָב פון דעם גוף איז דער מענש טויט. דער טויטער קערפער הייסט אַ בר מנן און מען בעגראָבט איהם. די נשמה קעהרט זיך צוריק צו גאָט".

די פאָלקס-שוהלען פערקריפּלען דעם גייסט פון די קינדער.

משה, און משה, און נאָך אַמאָל משה, דאָס איז די גרונדלאַגע פון דעם גאַנצען אונטעררִיכט.

אונזערע פאָלקס-שוהלען שטעהן נאָך מיט אַ פוס אין מיטעל־אַלטער. — דאָס איז אָבער אויך נאָר אַ נאַטירליכע פאָלגע פון דער ענטוויקלונגס-געשיכטע פון די שוהלען. מען דאַרף זיך בלויז דערמאָהנען אין דעם, אַז די פאָלקס שוהלע איז אייגענטליך אַ קינד פון דער קירכע. זי איז בעשאַפען געוואָרען אין דער צייט פון דער רעפאָרמאַציאָן; נאָך דעם וואָס מען האַט ענטדעקט די בוכ דרוק־קונסט האָט מען געוואָלט פערשפּרייטען אין גערדרוקטע שריפטען די אמת'ן, וואָס מען האָט בעקומען דורך גאָטס וואָרט, און די וויכטיגסטע שיכטען פון די פאָלקס מאַסען. אָבער כדי די אמת'ן פון גאָט זאָלען געלעזען ווערען האָט מען צוערשט געמוזט לערנען מיט די קינדער פון פאָלק שרייבען און לעזען.

אין 18־טען יאָהרהונדערט האָט מען אין די פאָלקס-שוהלען נאָר געלעהרענט די מזמורים פון דוד'ן (דעם תהילים) און דעם קריסטליכען קאַטעכיזם.

זינט דעמאָלט האָט מען זיך אָנגעפאַנגען רעכענען אין די שוה־לען אויך מיט פּראַקטישע בעדירפניסע. אין אָנפאַנג פון פאָריגען (19-טען) יאָהרהונדערט האָט מען אָנגעפאַנגען אַריינדרינגען אין די פאָלקס שוהלען אויך די רעכען קונסט און די געאָגראַפיע (די לעהרע פון דער ערד בעשרייבונג), אויך פון די נאַטור וויסענשאַפ־טען האָט מען אָנגעפאַנגען עפּעס אַריינפיהרען. אין די פינפציגער יאָהרען פון פערגאַנגענעם יאָהרהונדערט האָט מען שוין געלעהרענט אין די שוהלען: מען צוטהיילט די פפלאַנצען אין בוימער, קוס־טאַרניקעס, קרייטיכער און גראָזען (דאָס איז געווען די צוטהיילונג נאָך אַריסטאָטעלעס'ן); ס'זיינען נאָך פאַראַן מאָך, שוועמלאַך און

פלאַקס". (אָט די קליינע אונבעדייטענדע רעקציאָנען זיינען געווען אַ קאָנצעסיאָן פון דער קירכע צו די פאָרדערונגען פון דער נייער צייט).

אַלעס, וואָס האָט בעלאַנגט צו דאָס נייערע וויסען און ער־קענען איז אָבער אַלץ געהאַלטען געוואָרען, אויף וויפיעל עס איז נאָר מעגליך געווען, ווייט פון דער שוהלע; דאָרט וואו מען האָט זיך אָנגעשטרענגט צו פערגרעסערן דעם קרייז פון וויסען האָט יעדער שריט ווייטער פערטיעפט דעם קאָנסעקווענטען ווידערשפּרוך צווישען דער שוהלע און דער קירכע. אַזוי איז עס געשעהן אין פאָריגען יאָהרהונדערט און איצט קומט כמעט דאָס זעלבע פאָר. די שוהלע זוכט זיך מעהר און מעהר צו בעפרייען פון דער קירכע, מחמת די קירכע שטעהט אויף אַ פלאַץ, וועהרענד די שוהלע זייענדיג אַ לעבענספעהיגער אָרגאַ־ניזמוס מוז זיך ווייטער ענטוויקלען. דאָס צוזאַ־מענווירקען האַרמאָניש פון ביידע איז געוואָרען אַן׳אונמעגליכע זאַך.

די בעפרייאונג פון דער שוהלע פון דער קירכע איז אָבער נאָך זעהר ווייט דערפון צו זיין אַ געענדיגטע זאַך. אין פראַנקרייך און איטאַליען האָט מען די שוהלע אָבגעטהיילט פון דער קירכע, אָבער גאַנץ אַנדערש איז אין דייטשלאַנד, עסטרייך, שווייץ, ענגלאַנד און אַנדערע לענדער. אין דיזע לענדער פערנעהמט די רעליגיאָנס־לעהרע אַ צו גרויסען פלאַץ, מען גיט פאַר איהר אָב אַ זעהר גרויסע צייט. ס׳איז אָבער אַ זינד געגען די געזעצע פון ענטוויקלונג צו לעהרנען רעליגיאָן מיט אונרייפע קינדערלאַך, אין זייערע ערשטע שוהל־יאָהרען, ווען זיי האָבען נאָך ניט די פעהיגקייט צו דענקען איבער אַבסטראַקטע בעגריפע. ס׳איז אַ זינד, וואָס מען פערליהרט ניט קיין געלעגענהייט אַריינצושטופּען אין די מוחות פון די קינדער אַזעלכע לעהרען, וועלכע אַפילו די דערוואַקסענע מענשען קענען ניט פערשטעהן, מעגען זיי בענוצען זייער גאַנצען שכל נאָר איבער דיזע לעהרען צו דענקען. אונזערע פאַלקס־שוהלען זינדיגען געגען דער נאַטירליכער ענטוויק־

**לונג פון דעם גייסט דערמיט, וואָס זי לעה־רענט מיט די קינדער מעטאַפּיזיק.**

אַ גרויסע זינד בעגעהן נאָך די קריסטליכע עלטערן דערמיט וואָס זיי שיקען זייערע קליינע קינדערלאַך אין די זונטאַג שוהלען. וואָס וועט דערפון אַרויסקומען? אַם זונטאַג מיטאַג-צייט ווען די קליינע קינדערלאַך וואָלטען בעדאַרפט אַרומלויפען אין דער פרייער לופט ביי דער זונען-שיין, קומען זיי אַרויס מיט בלייכע פנים'לאַך אויס דער שוהלע, און אין דער היים דערצעהלען זיי ווי ס'האָט צו'ם ביישפיעל געטראָפען אין ציריך, אַז יוחנן המטבל איז אַוועק אין דער מדבר און ביז ווען ער איז צוריקגעקומען האָבען אויסגעוואַקסען קעמעל האָר אויף זיין לייב... מען לעהרענט אין די זונטאַג שוהלען מיט די קליינע קינדער וועגען תחית המתים און ווי קלינגט עס, ווען אַ מיידעלע קומענדיג פון דער שוהלע און פערטומעלט פון די באָבע מעשיות דערצעהלט דעם פאָטער אָדער דער מוטער, אַז זי מוז בעקומען אַ גאָר נייע הערץ.

מיר וועלען איצט צוזאַמענפאַסען, דאָס וואָס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרען אין צוויי זאַצען, וועלכע קיין ווייסענדער און עהר־ליכער מענש וועט ניט קענען אָבלייקענען, דען זיי ענטהאַלטען אַנ'אונבעשטרייטבאַרען אמת, וואָס יעדער, יונג און אַלט קען פער־שטעהן:

1. אין די העכערע שוהלען, אין די אוניווערזיטעטען לעהרענט מען מיט די סטודענטען דעם אמת פון דער אָבשטאַמונגס לעהרע און פון די אייביגע נאַטור געזעצע, און אָט די לעהרע ערקלעהרט מען דאָרט פאַר די העכסטע.

2. אָבער אין די פאָלקס שוהלען, וועלכע ווערען אויפגעהאַל־טען פון דעם זעלבען שטאַאַט, וועלכער האַלט אויף די אוניווער־זיטעטען, ווערט געלעהרענט די דריי טויזענד יאָהריגע באָבע מעשה, משה'ס בעשאַפונגס געשיכטע; און דער גרויסער טעות, וועלכער ווערט אָבגעלייקענט פון אַלע וויסענשאַפטען וואָס בע־שעפטיגען זיך מיט דער לעבעדיגער נאַטור, ווערט ערקלעהרט אַלס אַנ'אמת.

דאָס איז אַ שווידערליכער, אונמאָראַלישער, ניט אויסגעהאַלטענער צושטאַנד.

ס'זיינען ניט פֿאַראַן קיין צווייערליי אמת'ן, פֿון וועלכע איינער איז גוט נאָר פֿאַר די אוניווערזיטעטען און דער אַנדערער איז גוט פֿאַר דער פֿאָלקס שוהלע.

ס'איז נאָר דאָ איין אמת און ער איז גוט פֿאַר אַלע.

די נאַטור — די וועלט האָט ניט קיין בעזונדערע געזעצע פֿאַר די חכמים, פֿאַר די פֿאָרנעהמע אַרבייטער אין די ווערקשטאַטען פֿון דער וויסענשאַפֿט, פֿאַר די פּראָפֿעסאָרען און פֿאַר די סטודענטען פֿון דער אוניווערזיטעט; די נאַטור — די וועלט האָט אויך ניט קיין בעזונדערע געזעצע פֿאַר די קינדער פֿון פֿאָלק, פֿאַר דעם געוועהנליכען אַרבייטענדען און זאָרגענדען בירגער.

ס'איז ניט פֿאַראַן אַ בעזונדערער אמת פֿאַר די גרויסע פֿון דיזער וועלט און אַ בעזונדערער אמת פֿאַר די אָרימע און פֿעראַכטעטע פֿון אונזער צייט.

אונזער ערד דרעהט זיך יעדען טאָג אַרום איהר אייגענער אַקסע און וואַנדערט יעדעס יאָהר אַרום דעל זונן; מיר אַלע, אַלע — רייך און אָרים, גרויסע און קליינע, געלעהרענטע און פּראָסטע — וואַנדערן צוזאַמען מיט איהר. קאָפּערניקוס האָט דיזען אמת ניט איבערגעלאָזען צו דעם צוועק, אַז מען זאָל איהם בלויז לעהרנען אין די העבעי'ע שוהלען, וועהרענד אין די פֿאָלקס שוהלען זאָל מען גראָדע דעם געגענזאַץ ערקלעהרען פֿאַר אַ ענטפּלעקטען אמת פֿון גאָט אַליין. די מעשה וועגען דאָס אַבשטעלען די זונן אין גבעון און די לבנה אין דעם שהאָל אילון איז פֿון דער אַסטראָנאָמיע ערקלעהרט געוואָרען אַלס טעות פֿאַר דער גאַנצער דענקענדער וועלט.

אויב די וועלט האָט אַנערקענט קאָפּערניקוס'ס אמת, דאַן מוז זי איהם אַנערקענען אַלס נוצליך פֿאַר אַלע שטופֿען פֿון דער שוהלע, און דאַרף ניט דולדען, אַז די צווייערליי שוהלען, די העבעי'ע און די נידעריגערע זאָלען ניט גלייך בעהאַנדעלט ווערען; זי דאַרף ניט דולדען דאָס מען זאָל אין איינער לעהרנען דעם אמת און אין דער

אַנדערער דעם טעות. ס'איז אַ גרויסע אונגערעכטיגקייט דאָס מען זאָל געבען דער פאָלקס שוהלע שטיינער אַנשטאָט ברויט.

אין דאָס אַנערקענען פון דיזען ווידערשפּרוך — אויבען אמת, אונטען טעות — ליגט דער וועג וויזער וואָס דאַרף צייגען ווי ווייטער צו ענטוויקלען די שוהלען.

מיר זיינען איבערצייגט, אַז קיין אמת'ר פּעדאַגאָג וועט דאָס ניט אָבלייקענען.

מיר האָבען גערופען דעם געגענווערטיגען צושטאַנד אונמאָראַליש און ניט אויסגעהאַלטען. מיר זיינען גאַנץ זיכער, אַז דיזע אָנקלאַגע וועט ניט אויפרייצען נאָר די כלי קודש זאָנדערן אויך פיעלע לעהרער פון די פאָלקס שוהלען און זיי וועלען פאָרדערן דאָס מיר זאָלען בעגרינדען די אָנקלאַגע. מיר וועלען עס מאַכען בקיצור:

די אָבשטאַמונגס לעהרע ווערט ניט נאָר פריי בעקענט אין אַלע העכערע שוהלען פון אַלע אַקאַדעמישע לעהרער, זאָנדערן זי ווערט אויך פערשפּרייט אַלס אַנ'אמת צווישען פאָלק פון אַלע אונטערהאַלטונגס און בעלעהרענדע צייטשריפטען, זאָגאַר אין אַלע גרויסע צייטונגען, שוין אָבגערעדט פון ביכער.

יעדער געבילדעטער מענש, וועלכער האָט זיך בעקענט מיט די ענטדעקונגען פון די נאַטור-פאָרשער, און וועלכער האָט זיך בעפרייעט פון די שטריק פון דעם גלויבען און האָט אָנגעפאַנגען זעלבסטשטענדיג צו דענקען, איז געוואָרען, דורך דער טעגליכער פּרעסע און דורך דער לייכט פערשטענדליכער ליטעראַטור, אַנ־אָנהענגער פון דער אָבשטאַמונגס לעהרע. די זעלבע מענשען דולדען אָבער, אַז מען זאָל מיט זיינע קינדער לעהרנען אין דער שוהלע דעם טעות, דעם געגענזאַץ פון דעם וואָס ער האָט אַנערקענט פאַר אמת.

ווי? די ערוואַקסענע וועלכע שפּייזען זייער גייסט מיט דעם ברויט פון'ם אמת געפינען עס פיר רעכט, אַז די קינדער זאָלען אַנשטאָט ברויט איינשלינגען „ליים"?

דאָס איז אַ עפֿענטליכער בעטרוג, אַ זינד געגען דער נאַטור
פֿון דער מענשהייט!

און ס'איז אונמאָראַליש אָנצוגעבען בעוואוסטערהייט אַ
אַנערקענטען טעות פֿאַר אַן אמת.

דאָס זאָגען מיר ניט נאָר די עלטערן, זאָנדערן אויך די לעהרער, וועלכע ערנידעריגען זיך צו לעהרנען אין דער שוהלע, געגען זייער איבערצייגונג, טעות'ן פֿאַר הייליגע אמת'ן. מיר זאָגען גאַנץ אָפֿען צו די, וועלכע פֿערוואַלטען איבער די שוהלען: ס'איז אַ זינד געגען דער הייליגער אויפֿגאַבע פֿון דער שוהלע, דאָס לעהרער און שיהלער זאָלען געצוואונגען זיין צו פֿערברייננען זייער טהייערע צייט אין לעהרנען אַנערקענטע טעות'ן, פֿאַלשקייטען און ליגענס.

פֿאַר יעדער זינד ווערט בעצאָהלט אויף דער ערד.

די שלעכטע פֿאָלגען וועלען ניט אויסגעמיידעט ווערען. מיר זעהן זיי שוין פֿאַר אונז, די שלעכטע פֿאָלגען זיינען שוין דאָ.

ווען דאָס קינד פֿערלאָזט די שוהלע און ווען ס'טרעט אַריין אַלס דערוואַקסענער מענש אין לעבען, אין יענעם מעכטיגען קאמפּף אום דאָס דאַזיין, וואו אַ דאַנק דער אייביגען נאַטור געזעץ זיעגט דאָך דער אמת איבער דעם ליגען, מחמת דער אמת איז מעכטיגער ווי דער טעות, ער לעבט אייביג, ווערהענד דער ליגען האָט אַ קורצען לעבען, ער האָט קיין מאָל ניט אַנ'אייביגען דויער — מיר זאָגען: דאָס ווען דער דערוואַקסענער מענש טרעט אַריין אין לעבען, דאַן מוז ער תיכף בעמערקען, דאָס מען האָט איהם געלעהרעגט מיט אַבזיכט (יאַ מיט אַבזיכט!) אין דער פֿאָלקס שוהלע טעות'ן אַנשטאָט אמת'ן.

דאַן לעבט ער דורך גרעסערע אָדער קלענערע זעעלע קעמפּפֿע. מיט וויפֿיעל די טעות'ן האָבען זיך טיעפֿער איינגעוואָרצעלט אין דער יונגער נשמה, מיט וויפֿיעל זיי האָבען מעהר אַריינגעדרונגען אין דעם פֿלייש און בלוט פֿון דעם מענשען, דעסטאָ שרעקליכער וועלען זיין די זעעלען קעמפּפֿע מיר ריידען אום ערפֿאַהרונג און מיר ראַמהען אַלע אינטעליגענטע מענשען פֿון אַלע פֿעלקער, דאָס

זיי זאָלען ניט גלייבגילטיג אַריבער געהן איבער אַזעלכע געשעהעניסע און פערהעלטניסע.

דער צווייפעל געווינט די איבערהאַנד. דער צווייפעל גופא האָט אין זיך עפּעס גוטעס, דען ער איז די קוועלע אוים וועלכער ס'פליסט אַרויס דער אמת. דערמיט איז אָבער ניט געזאָגט, אַז ס'איז גוט וואָס מיר לעהרנען מיט אַבזיכט טעות'ן אין דער שוהלע, כדי דער צווייפעל זאָל פון זיך אַליין ענטשטעהען און ס'זאָל פון איהם אַרויסקומען דאָס גוטע, דאָס ריכטיגע, דער אמת און דאָס ליכט. ניין! פון דער ערקענטניס, אַז די פאָלקס שוהלע גיט אין איהר אונטערריכט שטיינער אַנשטאָט ברויט שפּראָצט אַרויס אַ מיסטרויען, אַ חשד געגען דעם וועט־טה און נוצען פון דער שוהלע און דיזער חשד פערשפּרייט זיך אין אַלע ווינקעלאַך, ביי די וועלכע שטעהן פאַר דעם אַלטאַר און פרעדיגען און ביי די, וועלכע זיצען אויף די שטוהלען פון ריכטער און משפט'ן.

דאָס נעבסטע, דאָס נאַטירליכסטע, די פאָלגע דערפון איז, דאָס מען פערוואַרפט אַלע אַני מאַמין'ס, וועלכע מען האָט געלעהרענט אין דער שוהלע, און ס'געהן דערביי אויך צו גרונדע די מאָראַל און די עטהיק, וואָס זיינען געווען פערבונדען מיט דיזע אַני מאַמין'ס. ס'פערשווינדעט יעדער גלויבען אין דעם אמת און ס'נעהמט אַ סוף פון דעם צוטרויען צו דעם שטאַאַט, צו דער רעליגיאָן און צו דער שוהלע.

ס'קלאָגען ניט נאַכהער נאָר די פרעדיגער פון דער קירכע, איבער דעט וואָס זיי מוזען זאָגען זייערע תפלות פאַר לעדיגע הייזער, זאָנדערן ס'קלאָגען אויך אַלע אמת'ע מענשען פריינד איבער דעם מאַנגעל און טרייהייט צו דער איבערצייגונג, איבער דעם מאַנגעל אין מוטה און ענטשלאָסענהייט, איבער דעם מאַנגעל אין כאַראַקטער פעסטקייט, איבער דעם מאַנגעל אין טוגענד און זיט־ליכקייט

אט צו דעם זיינען מיר געקומען אין דיזער טרויעריגער אי־בערגאַנגס צייט צווישען דעם פערשימעלטען גלויבען פון מיטעל־אַלטער און דער נאַטור וויסענשאַפטליכער אויפקלעהרונג. מיר שטעהן

איצט אין מיטען פֿון דעם קאַמפּף צווישען גלויבען און וויסענשאַפֿט, צווישען דעם טראַדיציאָנעלען איבערגעגעבענעם טעות און דעם דורך מיה ערפֿאָרשטען אמת; די אַלגעמיינע ערשיינונגען פֿון אונזער צייט צייגען אונז אַ בילד פֿון אַ כאַאָסדיגער פֿערווירונג און צוקוקענדיג זיך צו דעם בילד ווערט דער גייסט פֿון דעם פֿריינד פֿון אמת אָנגעפֿילט מיט פֿרייד און מיט וועהטאָג.

דער כאַאָס איז דאָ — דאָס נייע קעמפֿט געגען דאָס אַלטע. מיר שטעהן אין אַ שרעקליכען שטורם, ווען די ווינטען דרעהען זיך און בלאָזען אין אַלע זייטען מיט גרויסער קראַפֿט. וואָלקענס האָבען זיך פֿערזאַמעלט אויף דעם האָריזאָנט און זיי זיינען פֿערטיג אויסצוגיסען זיך איבער אונזערע קעפּ. בליצען צוקען און דער האָגעל האָט שעהנע פֿעלדער פֿערוואַנדעלט אין מדבריות. אָבער נאָך יעדען שטורם ווערט די לופֿט ריינער. מיר דאַרפֿען ניט פֿערצווייפֿלען.

אַ שווערער שוואַרצער וואָלקען פֿול מיט גרויסע געפֿאַהרען איז דער ווידערשפּרוך פֿון די וועלט אַנשויאונגען, וועלכע האַלטען זיך אויף אין דעם זעלבען פּלאַץ פֿון אונזער גייסטיגען לעבען: אין דער פֿאָלקס שוהלע; ס'איז דער ווידערשפּרוך וואָס לאָזט זיך ערקלעהרען אין די ווערטער: אויבען אמת — אונטען טעות!

אָט דיזער ווידערשפּרוך איז די געגענוואַרטיגע קלאָג פֿון דער פֿאָלקס שוהלע, אין איהם ליגט די אורזאַך פֿאַר וואָס די מאָדערנער שטאַאַטס-שוהלע לייסטעט אַזוי ווענינ צו דער גייסטיגער ענטוויקלונג, און צו דער ערציהונג פֿון פֿרייע בעוואוסטזיניגע בירגער.

די שטאַאַטליכע פֿאָלקס שוהלען פֿון די מעהרסטע אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנישע קולטור שטאַאַטען זיינען טהאַטזעכליך געבליבען אונבעריהרט פֿון די גרויסע פֿאָרטשריטע פֿון דער נאַטור וויסענשאַפֿט, אין פֿילע פֿלעצער זיינען זיי זאָגאַר אַראָבגעזונקען צו אינסטיטוציאָנען, וועלכע ווירקען געגען דער גייסטיגער בעפֿרייאונג פֿון דער מענשהייט. די אורזאַך דערפֿון ליגט אויף איין זייט אין דער מאַנגעלהאַפֿטער בילדונג פֿון אונזערע פֿאָלקס-לעהרער און אויף דער צווייטער זייט אין דער הערשאַפֿט פֿון דער קירכע איבער דער שוהלע.

כדי געזונד צו מאַכען דעם פיזישען קערפּער פון דעם פאָלק, דער־מאָלט ווען ער ווערט קראַנק, האָבען די קולטור שטאַאַטען נעשאַפען וויסענשאַפטליכע שוהלען, אין וועלכע די אַרצטע און די היגיעניקער (קענער פון פערהעלטניסע וועגען געזונדהייט) האָבען צו שטודירען ביי מענשען. מען האָט אויפגעבויעט די טהייערסטע לאַבאָראַטאָרען, מיט אַלע נייטיגע אינסטרומענטען און אַפּאַראַטען; די גרעסטע געלעהרטע זיינען אָנגעשטעלט געוואָרען, דאָס זיי זאָלען ערקלעהרען פאַר די סטודענטען די סודות פון אַ געזונדען און פון אַ קראַנקען קערפּער. און די נאַטור געזעצע, וועלכע פעראורזאַכען געזונד אָדער קראַנקהייט, דיזע אַנשטאַלטען זיינען אַ שטאָלץ פאַר די נאַציאָנען און אַ ברכה פאַר די פעלקער.

אָבער פאַר דער גייסטיגער געזונדהייט פון דעם פאָלק, פאַר דער פּפלעגע פון דער נאַטור־מעסיגער פסיכישער ענטוויקלונג פון די יונגע דורות האָט דער שטאַאַט ביז איצט נאָך גאָר ניט אָנגע־פאַנגען צו זאָרגען. די לעהרער פון אונזערע קינדער, די שאַף־מייסטערס פון דאָס טהייערסטע וואָס אַ נאַציאָן בעזיצט, די לעה־רער פון דער פאָלקס שוהלע ווערען געהאַלטען ווייט פון די קוועלען פון דער וויסענשאַפט. די סעמינאַריומס, די שוהלען פאַר די לעה־רער זיינען אינסטיטוציאָנען פון גייסטיגער פערדומונג.

מיר זאָגען, דאָס אַ גוט אונטעררּיכטעטער פאָלקס לעהרער, וועלכער איז גוט בעקאַנט מיט נאַטור־וויסענשאַפט וואָלט אין דעם געקומענעם פריהלינג גיט אַזוי געמיין עקספּערימענטירט מיט דעם בילדונגספעהיגען גייסט פון דעם קינד, ווי ס'געשעהט איצט אין טויזענדער און טויזענדער שוהלען, וועלכע ווערען אויפגעהאַלטען אויף די הוצאות פון שטאַאַט. וואָס פאַר אַ אוצר פון אמת'ר וויסענ־שאַפט וואָלט געקענט איינגעפּפלאַנצט ווערען אין די מוח'לאַך פון די יונגע קינדערלאַך אין די פאָלקס שוהלען, ווען יעדער לעהרער זאָל זיין גוט בעקאַנט מיט די בלומען פון פעלד און מיט די חיות פון וואַלד! אַי, וואָלט דאָס געווען אַ לעבען, ווען דער וויסענדער לעהרער וואָלט דורכשפּאַצירט מיט זיינע שיהלער אין מאַי אָדער אין יוני דורך דעם פעלד און וואַלד, וואו יעדע בלום ענטפלעקט

איהר אמת, יעדעם גרעזעלע רעדט איהר שפּראַך, יעדע געשעהעניש דעקט אויף אַ הייליגען גייסט, און יעדער ליכט-שטראַהל צייגט אַ וועג אין דער פּראַכטפֿולער נאַטור!

מען האַלט אָבער דעם לעהרער פֿון דער פֿאָלקס שוהלע ווייט פֿון די וויסענשאַפֿטליכע אינסטיטוציאָנען. דער דאָקטאָר, דער אַד־וואָקאַט, דער אינזשיניר, דער כעמיקער, דער גערטנער, די צאָהן קינסטלער, דער טהיער-אַרצט, דער שוישפּיעלער און זאָגאַר דער מאַשין מייסטער פֿון אונטער די קוליסען, זיי אַלע לאָזט מען שטו־דירען אין די העכסטע שוהלען פֿון דעם לאַנד און מען בעקענט זיי מיט דערווירקליכער וויסענשאַפֿט. נאָר די לעהרער פֿון די פֿאָלקס שוהלען גיט מען נאָך די וואַסערדיגע זופּ פֿון דער סעמי־נאַריש-קירכערליכער חכמה.

ס'ליגט אַ סיסטעם אין דעם! ס'איז אָבער אַ שעדליכער סיס־טעם. דורך איהם קען מען ווייטער לעהרגען אונטען דעם טעות וועהרענד אויבען בליהט דער אמת. יעדער ליגנערישער סיס־טעם פֿיהרט אָבער אין אַ מאָראַלישען זומפּף.

מיר האבען מיט אונזער פּרינציפּענלאָזיגקייט געבראַכט אַזוי ווייט, דאָס אין פערשידענע פּלעצער הערט זיך דער רעאַק־ציאָנערער געשריי: „נידער מיט דער נאַטור-לעהרע! אין דער שוהלע דאַרף מען נאָר לעהרנען: לעזען, שרייבען, רעכענען און אין גאָט גלויבען! ווי קומט עס, דאָס אַזא געשריי זאָל זיך קענען ער־הויבען איצט, אין דער פּעריאָדע פֿון דער נאַטורפֿאָרשונג? — די גרעסטע צאָהל קינדער פֿון פֿאָלק בעקומען זייער גאַנצע לעהרע אין דער פֿאָלקס שוהלע. און מען וויל אַז זיי אַלע, דיזע צוקונפֿטיגע טהעטיגע בירגער פֿון דעם שטאַאַט זאָלען גאָר ניט ערפֿאַהרען פֿון דער נאַטור וויסענשאַפֿט; זיי זאָלען בלייבען אונוויסענד איבער די געגענשטענדע פֿון דער וועלט און איבער די געזעצע פֿון דער נאַטור, כדי זיי זאָלען אַלץ מעהר און מעהר גלויבען אין די פֿער־שפּרעכונגען וועגען אַ יענער וועלט. צוריק צו קעהרען זיך אין דעם מיטעלאַלטער! צוריק צו קעהרען זיך, אויב מעגליך, אין דער „גו־טער אַלטער צייט" פֿון גלויבען אין כשוף, ווען מען פֿלעגט פֿער־

ברענען די פריינד פון דער נאטור אלס אפיקורסים און מען פלעגט דערוואַרגען קינדער פאר „מאַכען פייגעל״ — אט דאס איז דער וואונש פון די פרומע רעאַקציאָנערע נשמות.

אבער וואַרט! אויב אַזאַ געשריי קען זיך איצט ערהויבען און ווערען מעכטיג מוזען דאך גאנץ געוויס זיין נאַטירליכע אורזאַכען וואס ערמעגליכען דאס. לאמיר זיין עהרליך און זאגען, דאס אין געוויסע פלעצער וואלט בעסער געווען, ווען מען וואלט אין דער פאלקס שולע גאר קיין נאטור וויסענשאַפט ניט געלעהרענט, דען דער אונטעררירכט אין נאטור וויסענשאַפט, וואס ווערט איצט דארט געגעבען, איז זעהר אַ טרויעריגער און אַ בעשרענקטער. ווער עס האט אַליין ניט געהאַט קיין געלעגענהייט אַריינצודרינגען אין דער וויסענשאַפטליכער אַרט פון דער נאטור ערקענטניס, ווער ס'האט, דורך מאנגעל און אַ ענטשפרעכענדער בילדונג, ניט געקאנט ווערען קיין בעגייסטערטער פריינד פון די נאטור-וויסענשאַפטען, דער וועט ניט קענען זיין קיין גוטער לעהרער אין נאטור געשיכטע. ס'העלפען ניט אין אַזאַ פאל די בעסטע לעהר מיטלען, אלע אַפּאַראַטען און זאמלונגען פון נאטור געגענשטענדע. ווען דער לעהרער האט ניט אין זיין האַרץ ליבע און בעגייסטערונג ווענען זיין פאך דאן וועט די לעהרע אין דעם פאך זיין זעהר בעשרענקט, זי וועט ברייגען שלעכטע פרוכטען, מען וועט פערלירען אהן נוצען וועגען איהר, פיעל צייט און פיעל מיה.

יאַ, ס'איז זעהר טרויעריג מיט דער פאלקס שולע און ס'וועט אַלץ טרויעריג זיין: ביז די לעהרער וועלען ניט בעקומען אַ בעסערע בילדונג, וואס זאל זיין מעהר צוגעפאַסט צו די נויטווענדיגקייטען פון דער צייט; ביז מען וועט ניט אנפאַנגען לעהרנען אין די שולען דעם אמת אַנשטאט די טעות'ן; ביז מען וועט ניט העלפען די שילער ענטוויקלען זייערע חושים, דאס הייסט די אברים, דורך וועלכע דער מענש שטעהט אין פערבינדונג מיט דעם וואס קומט פאר אין דער אויסערליכער וועלט; ביז מען וועט ניט לעהרנען ריכטיג צו בעאבאַכטען, ריכטיג צו דענקען, ריכטיג צו פערשטעהן, כדי ער זאל קענען וואַקסען אין קערפער און אין גייסט ווי אַ בלום.

ס'ערהויבען זיך אויך איבעראַל שטימען, וועלכע פֿאָדערן דאָס ריכטיגע, דאָס שכל'דיגע: די פֿאָלקס שולע זאָל טהון אַלעס וואָס איז איהר מעגליך, כדי בעקענט צו מאַכען די קינדער מיט אַלע ערשיינונגען פֿון דער וועלט, דאָס זיי זאָלען ווערען פֿעהיג צו געפֿינען גליקזעליגקייט אין דיזער וועלט.

מיר זיינען שוין צום שלוס אין מיר ווילען דאָ אָנצייגען די רעפֿאָרמען וועלכע וואָלטען בעדאַרפֿט דורכגעפֿיהרט ווערען בנוגע די שולען:

1. יעדער סעקטאַרישער רעליגיעזער אונטערריכט זאָל וועגען דעם רעליגיעזען פֿרידען אָבגעשאַפֿט ווערען פֿון די שטאַאַטליכע שולען.

די רעליגיאָן איז דאָס פּריוואַט אייגענטהום פֿון יעדען איינציגען און דער שטאַאַט האָט זיך אין דעם ניט צו מישען און ניט צו קימערן. זי איז אַ פֿראַגע פֿון דעם האַרץ און ס'דאַרף איבערגעלאָזען ווערען פֿאַר יעדען איינעם צו פֿערענטפֿערן די פֿראַגע ווי ער פֿערשטעהט. דער גייסט אָבער, דער קאָפּ פֿון דעם בירגער, דאָס איז דער אייגענטהום פֿון דעם שטאַאַט, דאָס איז דער גרויסער פֿערמעגען פֿון דער געזעלשאַפֿט און צו פּפֿלעגען און ווייטער צו ענטוויקלען דעם גייסט איז די אויפֿגאַבע פֿון דעם שטאַאַט.

דאָרט, וואו ס'איז נאָך ניט מעגליך שוין אַוועקצומאַכען דעם גאַנצען רעליגיעזען אונטערריכט, זאָל מען פֿאָדערן צום וועניגסטענס אַלס אַ איבערגאַנגס מיטעל, אַז מען זאָל אַוועקמאַכען מיט דאָס לעהרנען משה'ס בעשאַפֿונגס געשיכטע, וועלכע איז דורכאויס אַ טעות. אין דער פֿאָלקס שולע זאָל מען לעהרנען דעם אמת און נאָר דעם אמת.

2. אַלע לעהרער פֿון די פֿאָלקס שולען זאָלען בעקומען אַ גרינדליכע נאַטור-וויסענשאַפֿטליכע בילדונג, כדי זיי זאָלען זיין פֿעהיג צו געבען די קינדער אַ אונטערריכט אין דער נאַטורלעהרע, וואָס זאָל זיין

בעגרינדעט אויף בעאָבאַכטונגען און עקספּערימענטען, ס'הייסט אויף ערפאַהרונג און ניט בלויז אויף טהעאָריע. זיי זאָלען אויך האַלטען עפּענטליכע פאָרטרעגע, אין וועלכע זיי זאָלען בעקענען די דערוואַקסענע מענשען מיט די וויכטיגסטע פאָרטשריטע פון דער נאַטור וויסענשאַפט. יעדער בירגער און בירגערין זאָלען האָבען פרייעם צוטריט צו דיזע פאָרטרעגע.

דיזע פאָרדערונג וועט ערשט ערפילט ווערען ווען מען וועט אָבשאַפען די סעמינאַריומס, די שוהלען פאַר לעהרער, וועלכע זיינען געגרינדעט אויף אַ קירכערליכער מיטעלאַלטערליכער סיס־טעמע אין מען וועט די לעהרער פאַר די פאָלקס שוהלען לאָזען וויסענשאַפטליך בילדען אין די אוניווערזיטעטען.

3. אויף דעם פלאַץ פון דעם שטאַאַטליכען, סעקטאַרישען רעליגיעזען אונטערריכט זאָל מען געבען אַנ'אונטערריכט אין עטהיק און מאָראַל, וואס זאָל זיך שטיצען אויף אַ נאַ־טור וויסענשאַפטליכען באַזיס.

אוים דעם אייביגען אמת פון דער פאָרוואָרטס געהענדער ענטוויקלונג ערשיינט — ניט געזוכטערהייט, פאַר דעם וויסענ־דען — און אַלע לעהרער זאָלען זיין נאַטור וויסענדע — דער וועג, וועלכער פיהרט צו דער דערגרייכונג פון אַ העכערער גליקזעליגקייט און פון אַ אמת'ר טוגענד. ס'איז אַ משוגענער פאַנאַטיזמוס, וואָס קומט אַרוים פון ניט קענען און ניט וויסען די ווירקליכע פערהעלטניסע, צו בעהויפּטען, אַז העכערע קענ־טעניסע אין דער נאַטור וויסענשאַפט מוזען פיהרען צו דעם אונטערגאַנג פון דער מאָראַל. גראַדע דער הפוך איז ריכטיג: די זאנענאַנטע מאָראַל, וואָס געהט געגען די געזעצען פון דער נאַטור — און אַלע רעליגיעזע מאָראַלען טהון דאָס — איז ניט דאָס וואָס זי בעהויפּט צו זיין, איז ניט קיין מאָראַל, פערקעהרט זי איז אונמאָראַל. די זיטליכקייט פון דער מענשליכער געזעל־שאַפט וועט ערשט דאַן קענען מאַכען ווירקליכע פאָרטשריטע ווען די גאַנצע עטהיק, די גאַנצע לעהרע זועגען מאָראַל וועט

זיין געבויעט אויף די יסודות פון דער ענטוויקלונגס-לעהרע.

4. אַלע לעהרען אין די שטאַאַטליכע פאָלקס שוהלען זאָלען זיין אין אָנקלאַנג מיט די טהאַטזעכליך ערפאָרשטע געזעצע פון דער נאַטור. אין אַלע פערשיעדענהייטען זאָל הערשען די איינהייט פון דעם אמת.

ס'זאָל ניט געלעהרענט ווערען אונטען דער גלויבען אין וואונדער און אויבען די נאַטור געזעצע און די אייזערנע נאַטור נויטווענדיגקייטען.

אין אַלע געגענשטענדע און ערשיינונגען הערשט דאָס געזעץ, די אָרדנונג. דער גלויבען אין וואונדער איז די לעהרע פון געזעצלאָזיגקייט, פון ברעכען די געזעצע פון דער נאַטור, פון אונאָרדנונג, פון וועלכע די נאַטור וויסענשאַפטליכע דיסציפלין ווייסט קיין שום זאַך ניט. דער גלויבען אין וואונדער האָט אין דער צוקונפטיגער שוהלע גאָר קיין פּלאַץ ניט מעהר, און די פאָלקס שוהלען וועט ערשט דאַן, יאַ ערשט דאַן, דערגרייכען די די שטופע צו ברייגגען ווירקליכע געזונטע נוצען, ווען זי וועט פערוואַרפען דעם גלויבען אין וואונדער, ווען זי וועט איהר גאַנצע קראַפט אָנווענדען צו דער הויכער אויפגאַבע צו מאַכען פון די יונגע וועלט-בירגער אַזעלכע מענשען, וועלכע זאָלען ריכטיג זעהען, שאַרף הערען, לאָגיש דענקען, פערנונפטיג בעאָבאַכטען, אַנערקענען די געזעצע פון דער נאַטור און האַנדלען נאַטורמעסיג און אַנשטענדיג. אַז דאָס וועט ניט פיהרען צו קיין אונמאָראַלישע טהאַט, אין דעם איז פעסט איבערצייגט יעדער נאַטור פאָרשער, וואָס האָט זיך גענומען די מיה אַריינצודרינגען אין דעם גייסט פון דער ענטוויקלונגס לעהרע. פערקעהרט די אידעאַלען, שטרעבונגען און טהאַטען פון די מענשען וועלען דורך דעם עדעלער און פיינער ווערען. די ענטוויקלונגס לעהרע איז אַזוי רייך אין אמת'ע ווייטזעהענדע און ערהויבענדע בליקען, זי איז אַזוי רייך אין פערשפּרעכונגען וועגען אמת'ר גליקזעליגקייט, דאָס קיין פריהעריגע וועלט אַנשויאונג קען זיך ניט מיט איהר פערגלייכען. עס ליגט

ניט איהר קיין שוואכע האפנונג אויף א זאך, וואס קיין מענש האט ניט געזעהן און וואס קיינער ווייסט ניט צו עס קען עקזיסטירען, זאנדערן די זיכערהייט אין דעם פארטשריט צו א גרעסערער גליק, יענע זיכערהייט וואס שטיצט זיך אויף דער מאטעמאטישער אויסרעכנונג פון די פערגאנגענהייט און געגענווארט פון דער לעבעדיגער און טויטער נאטור.

ס'וואלט געווען קינדיש, ווען מען זאל ערקלעהרען, אז די קליינע קינדער וועלען ניט פערשטעהן דעם „דארוויניזמוז" און ס'איז אוננוצליך זיי איהם צו לעהרנען. ווער האט געדענקט בשעת דער קאפערניקאשער געדאנק האט געזיגט אין דער קריסטליכער וועלט, אז קליינע קינדער וועלען איהם קענען פערשטעהן? און דאך איז היינט צו טאג קאפערניקוס און ניט משה דער אסטראנאם פון דער שוהלע. געוויס וועט קיין לעהרער גיט איינפאלען צו לעהרנען מיט א 9 אדער 7 יאהריגעם קינד די מאטעמאטישע געזעצע פון דער פלאנעטען בעוועגונג; מען לעהרענט די שיהלער אין א ריכטיגער שוהלע געגוי דאס, וואס איז צוגענגליך צו זייער אויפפאסונגס קראפט; מען לעהרענט אבער אין ערגעץ ניט אין דער ערשטער קלאסע אז 2 מאל 2 איז 5, אדער אז 1 און 3 איז דאס זעלבע, כדי צו דארפען מיט איניגע יאהר שפעטער דיזע טעות'ן ארויסיאגען פון די קעפ און לעהרנען די ריכטיגקייט, אז 2 מאל 2 איז 4 און אז 1 און 3 קענען קיין מאל ניט זיין גלייך. אין דער מאטעמאטישער לעהרע פון אלע קלאסען הערשט איינהייט און אמת, פעדאגאגישע מעטהאדע און געזונטע לאגיק.

מען דארף ארגאניזירען אלע לעהרען פון אלע קלאסען, פון אלע שטופען אויף דעם זעלבען מעטהאדישען און פערנונפטיגען אופן, דאן וועט די ענטוויקלונגס לעהרע זיך אליין איינפפלאנצען אין דער נשמה פון דעם מענשען אלס א צייטיגע פרוכט פון זיין וויסען. ס'איז גאנץ גלייכגילטיג אויף וואס פאר א שוהל שטופע דאס וועט געשעהן.

דער עיקר איז: ס'מוז געשעהן און ס'וועט געשעהן.

